# אינהאַלט

צווייטע אָפּטיילונג

דריטע אָפּטיילונג

מרדכי געבירטיג איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע דעם 4־טן אַפּריל 1877. אין יאָר 1906 האָט ער פאַרעפנטלעכט טעאַטער־רע־צענזיעס און לידער אין „סאָציאַל־דעמאָ־קראַט", וואָס איז דערשינען אין קראָקע. אין יאָר 1920 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער א"נ „פאָלקסטימלעך".

אין 1936 דערשיינט אין ווילנע די ער־שטע אויסגאַבע פון זיינע אַלע שאַפונגען א"נ „מיינע לידער".

אין 1942, ווען מרדכי געבירטיג געפינט זיך אין קראָקעווער געטאָ, דערשיינט אין ניו־יאָרק (ביים אַרבעטער־רינג־פאַרלאַג) די צווייטע אויסגאַבע פון „מיינע לידער". אין יענער צייט האָט מרדכי געבירטיג שוין גע־האָט אָנגעשריבן אַ ריי נייע לידער, (צוו. אַנ־דערע „עס ברענט" און די איבעריקע געטאָ־מאָטיוון), וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן אין דער זאַמלונג „ס׳ברענט" (קראָקע 1946, מיט אַן הקדמה פון יוסף וואָלף).

מרדכי געבירטיג איז אומגעקומען דעם 4־טן יוני 1942 בעת דער ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ.

ת.נ.צ.ב.ה.

פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויפלאַגע

# מרדכי געבירטיג (בערטיג)

## דער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער

יעדער דור האָט זיינע פאָלקס־זינגער און דיכטער. נישט מער: דאָס רוב דיכטער און זינגער זינגען פאַר זיך אַליין, פאַרן אייגענעם געברויך, צו דער אַרבעט, בייס טיש, דערשטיקן זיירע שירה אין די ענגע ד׳ אַמות פון שטוב, ברענגען די דיכטונג קיינמאָל נישט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, זייער שירה און דיכטונג אַליין האָט נישט דעם כוח אַרויסצורייסן זיך פון שטוב אין גאַס אַריין. כל־זמן זיי לעבן זינגען זיי, שטאַרבן זיי אָפּ — שטאַרבט מיט זיי אָפּ זייער פאָלקס־דיכטונג און פאָלקס־געזאַנג.

מרדכי געבירטיג איז דער הונדערט־פּראָצענטיקער געבענטשטער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער, וואָס זינגט, שאַפט און ווינט אויס זיין ליד אין שטוב, און דאָס ליד זיינס פראַלט אויף די טיר און פענצטער און פילט אָן די גאַס מיט שירה, באַזינגט דאָס יידישע אייגנאַרטיקע לעבן, די יידישע ליבע, דאָס יידישע פאַמיליען־לעבן, מאַמע און קינד, יידישע נויט און אָרעמקייט, מאָלט עס מיט אַזעלכע וואַרעמע, עכטע נישט־געפעלשטע פאָלקס־פאַרבן, וואָס נאָר אַזאַ פיינע, ערלעך־פילנדיקע פאָלקס־נשמה ווי מרדכי געבירטיג קאָן די דאָזיקע פאַרבן און

טענער שאַפֿן. געווען אַ צײַט, און ערשט נישט לאַנג, ווען דאָס ייִדישע קרישטאָל־ריינע פֿאָלקס־ליד האָט זיך גע־לאָזט הערן אין גאַס, די ייִדישע לידישע טענער און וואָ־לינער זינגער, אָדעסער גאַסן־לידל, ייִדיש־ליטווישער מע־לאַנכאָלישער טאָן, פּוילישע שטייגער־לידער, חסידישע און השכלהשע מאָטיוון.

איצט, ווען דער פּוסטער ריטם און דער געבראָכענער פֿרעמדער נעגער־טאָן פֿון פֿאָקס און טאַנגאָ האָבן באַ־הערשט די גאַס, זענען די אַלע פֿאַרשטיקטע זינגערישע און פֿאָלקס־דיכטערישע נשמות פֿאַרקערפּערט געוואָרן אין מרדכי געבירטיג, — דער איינצ־קער פֿאָלקס־הלעכער קאָמפּאָניסט אויף דער ייִדישער גאַס אין פּוילן.

מרדכי געבירטיג איז אַ גאָטס־געבענטשטער פֿאָלקס־דיכטער און זינגער, וואָס נייטיקט זיך נישט אין פּירסום. דאָס ליד זיינס אַליין האָט פֿאַר אים דעם וועג פֿון פֿאָלקס־אָנערקענונג אויסגעשפּרייט. דאָס ליד וואָס איז געוואָרן דער רוח־החיה אין די ייִדישע טעאַטער־שטיק אין אייראָפּע און אין אַמעריקע און אין אַלע קליינקונסט־טעאַטערן און קאָנצערטן. וואו נאָר אַ ייִדישער ישוב איז דאָ, האָט שוין אַהין געבירטיגס ליד דערגרייכט — דאָס פֿאָלקסטימלעכע ליד וואָס איז אַזוי פֿיין־האַרציק אידיליש געמאָלט, אַז אויב עס פֿאַרבלאָנדזשעט אין דעם אַן אָפּקלאַנג פֿון אַ פֿרעמדן טאָן, דער איינפֿלוס פֿון דער סלאַווישער סביבה, וואו געבירטיגס נשמה האָט גאָטס לופֿט געאָטעמט — ווערט דאָס פֿאַרבלאָנזשעט־פֿרעמדע בטל אין דעם גלאַנץ און

פאַרב פון דער וואַרעמער אידיליע און בילד, וועלכע שטייגט אָפט אין ליד אַריבער אין קראַפט דעם ניגון.

דער סימן פון אמתער יידישער פאָלקס־דיכטונג איז: דער קלעם ביים האַרצן...

געביטיגס אַ ליד קלעמט דאָס האַרץ, וואַרעמט און פילט אָן די יידישע נשמה מיט זיסער מעלאַנכאָליע און פריידיקן ציטער. נישט פון רייכן סאַלאָן זינגט מרדכי געבירטיג, נאָר פון די פיר הוילע ווענט פון דער יידישער שטוב און פון יידישן בעל־מלאָכה. פיר הוילע ווענט פון חדר, פיר הוילע ווענט פון שטוב, און אפילו דאָס איינשלעפערן פון דער מאַמען מיט אַ לידעלע דאָס קינד קומט אויך פאָר ביי נאַקעטע, אָרעמע פיר ווענט.

געבירטיגס ליד איז דאָס ליד פון נויט. אַ מאָריס ראָזענפעלד־טאָן קלאַפּט אָפט אין די סטרונעס פון זיין האַרפע, און צעלאָזט ער זיך אַמאָל אין אַ פריילעכן טעמפּאָ און ריטם פון פריילעכקייט און זוניקייט, וועבט זיך אין דער דאָזיקער פריידיקייט אויך מער זילבער־פאָדעם פון אומעט, ווי גאָלד־פאָדעם פון פרייד...

און נאָך אַ סימן פון עכטער נישט־געפעלשטער פאָלקס־דיכטונג און פאָלקס־געזאַנג: וואָס מער מען הערט עס, אַלץ מער באַגייסטערט עס, וואַרעמט און ווירקט.

דאָס איז אויך דער כוח און סוד פון מרדכי געבירטיגס דיכטונג און געזאַנג, וואָס איז שוין געוואָרן די דיכטונג און געזאַנג פון גאַנצן פאָלק.

**מ. קיפּניס**

# און ס'איז געווען אַ ייד אַ פשוטער...

און ס'איז געווען אַ ייד אַ פשוטער, אַ יגיע־כפּימניק, אַ סטאָליער. און זיין נאָמען — מ ר ד כ י  ג ע ב י ר ט י ג.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געאַרבעט ביי  ש ט ו מ ע זאַכן: ביים מאַכן אַ טיש, אַ בעט, אַ שאַנק, נאָר  א י ן  א י ם  האָט עס  ג ע ז ו נ ג ע ן. אַ גאַנצן טאָג האָט ער מיט אַ האַרטער האַנט, אַ פאַרמאָזאָליעטער, געזעגט, גע־הובליעוועט און געפוצט די ברעטער, נאָר אַז עס איז געקומען דער אָוונט, האָט ער גענומען זעגן, הובליע־ווען און פוצן די יידישע שפּראַך און פון איר אויסגע־פאָרעמט וואונדערלעכע, האַרציקע לידער.

נאָר ווען די שכנטעס זיינע האָבן אַמאָל געהערט, ווי ער פאַרוויגט זיינס אַ קינד מיט די לידער: **„קיוועלע"**, **„יאַנקעלע"** צי **„שלאָף מיין קינד"**, האָבן זיי גלייך גע־נומען אויך  ז י י ע ר ע  קינדער פאַרוויגן מיט די לידער, און וואָס פאַר אַ וואונדער: די קינדער אין די וויגן האָבן אויפגעהערט וויינען, זיך צוגעהערט, פאַרמאַכט די אייגעלעך און זיס איינגעשלאָפן.

ער פלעגט די לידער שרייבן און זינגען פאַר זיך, און ווען עס האָבן די יידישע קינדער פון די שולן און חדרים דערהערט אים זינגען די לידער: **„מיין טאַטע**

**איז אַ כוהן**", "**מאָטעלע**", "**משהלע**" א.אַ. זענען זיי גע־בליבן שטיין פאַרגאַפטע:

— איי, דאָס זינגט ער דאָך וועגן אונדז, דאָס זענען דאָך אונדזערע לידער!

און אַז די בלייכע נייטאָרין, צי דער שניידער־געזעל האָבן געהערט געבירטיגן זינגען: "**שלמה ליבער**", "**חנהלע און נחומל**", "**מאַמעניו אַן עצה**" **א.אַ.** האָבן זיי זיך צוגעזונגען די לידער ביי דער אַרבעט, האָבן זיי נאָך דער אַרבעט, אין פאַריין — די לידער געזונגען און גע־חלומט פון אַ פרייער און יושרדיקער וועלט.

און אויך דער אַלטער געבויגענער ייד מיט דער גרויער באָרד, ווען ער איז געזעסן אין גאָרטן אויף אַ באַנק און "געשעפּט לופט", אויך ער, ווען ער האָט געזען ווי די קינדער שפּילן זיך אין זאַמד, ווי זיי לויפן אַרום און שרייען, לאַכן — האָט שטיל געברומט מיט בענק־שאַפט:

"**קינדער־יאָרן, זיסע שיינע יאָרן,
אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון.**"

און אַזוי האָבן טויזנטער און צענער־טויזנטער יידן פאַרוויגט זייערע קינדער, געאַרבעט, געליטן, געבענקט, געליבט, געחלומט דורך מרדכי געבירטיגס לידער. פאַר אַלע האָט ער געפונען אַ שפּראַך. אויף אַן אינטעליגענט האָבן געווירקט די לידער ווי אמתע דיכטונג און אַ פאָלקס־מענטש האָט זיך דורך זיי ווי אַליין אַראָפּגערעדט פון האַרצן.

און ווען עס זענען געקומען די פּאָגראָמען פון פּשיטיק און מינסק־מאַזאָוויעצק, האָט געבירטיג אויסגעשריגן: „**ס׳ברענט!**". ער האָט שוין נביאיש פאָרויסגעזען אין די פייערן, וואָס מען האָט אָנגעצונדן אין די קליינע יידישע שטעטלעך — דאָס פייער פון די קרעמאַטאָריע־אויוונס אין אוישוויץ, מיידאַנעק און טרעבלינקע.

ער איז געווען דער לעצטער יידישער פאָלקס־דיכטער אין פוילן. מיט די „בראָדער זינגער" האָט גאַליציע אָנגעהויבן שאַפן דאָס יידישע פאָלקסליד, מיט מרדכי געבירטיג האָט זי עס פאַרענדיקט. נאָר געבירטיגס נאָמען איז ווייטער אַוועק פון די גרענעצן פון זיין גאַליצישן היימלאַנד. מען האָט געזונגען זיינע לידער אין גאַנץ פוילן. די פילע אויסגאַבעס פון זיינע לידער־ביכער אין אַמעריקע באַווייזן, אַז זיין ליד איז געוואָרן דער קנין פון גאַנצן יידישן פאָלק אויף דער וועלט.

מען האָט אויפגעשטעלט אַ ישוב אין ישראל א. ד. נ. „**יד מרדכי**", נאָך דעם העלדישן קעמפער פון פוילישן יידנטום מרדכי אַניעלעוויטש, עס וואָלט אויך כדאי געווען אויפצושטעלן אַ צווייטן „**יד מרדכי**" — נאָך מרדכי געבירטיג, דעם זינגער פון דער יידישער אומגעקומענער מאַסע פון פוילן.

ישראל אַשענדאָרף

# ס׳ברענט

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן

שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט . . .

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
ס׳האָבן שוין די פייער־צינגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הוזשען,
אונדזער שטעטל ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט . . .

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, עס קען חלילה קומען דער מאָמענט:
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פלאַמען,
בלייבן זאָל — ווי נאָך אַ שלאַכט,
נאָר פוסטע, שוואַרצע ווענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט ניט, ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט.
שטייט ניט, ברידער, לעשט דאָס פייער —
אונדזער שטעטל ברענט!

קראָקע־געטאָ, מאַי 1942

## העי, קלעזמאָרים

*Moderato*

העי, קלעזמאָרים, גוטע ברידער!
איר באַקומט פון מיר אויף וויין —
שפּילט מיר אויף אַ פריילעך לידל,
שלעפּט מיין מרה־שחורה איין.

טרויעריק איז מיר אויפן האַרצן,
כ׳פיל, דאָרט עפּעס נאָגט און קוועלט;
ס׳בענקט נאָך עפּעס מיין נשמה
און איך ווייס נישט וואָס מיר פעלט.

שפּילט, פאַרוויגט מיט אייערע טענער
מיר דעם אומעט אין מיין הערץ
ווי מיין מאַמע פלעגט פאַרוויגן
מיט אַ לידעלע מיין שמערץ.

שפּילט מיר אויף אַ פריילעך לידל —
עפּעס שפּילט איר טרויעריק היינט;
ס׳וויינט דאָס פלייטל, ס׳וויינט דער פידל —
אַלץ אַרום מיר עפּעס וויינט.

העי, קלעזמאָרים, גוטע־ברידער!
איר באַקומט פון מיר אויף וויין —
שפּילט מיר אויף אַ פריילעך לידל,
שלעפּט מיין מרה־שחורה איין.

## אַברהמעלע און יאָסעלע

אברהמלע, גיב נאָר אַ קוק,
די זון, ווי שיין זי שיינט!
ווי אַלץ אין פעלד שוין וואַקסט און בליט,
כ׳האָב עפּעס זייער קיין חשק ניט
צו גיין אין חדר היינט —
די זון ווי שיין זי שיינט.

— אוי, יאָסעלע, ווי כ׳בין אַ ייד!
איך טראַכט דאָס אויך אַצינד,
ווי פריילעך איז דאָ איצט, ווי שיין,
עס ווילט זיך נישט אין חדר גיין,

נאָר ווייסט, דאָס איז אַ זינד,
איך טראַכט דאָס אויך אַצינד.

אברהמלע, דו זעסט אין פעלד
אַ בין פליט שוין אַרום?
און דאָרט שטייט אויף אַ צווייגעלע
אַ גאָלדן זומער־פייגעלע.
אברהמל, גיכער קום!
אַ בין פליט שוין אַרום.

כ׳זע, יאָסעלע, ווי כ׳בין אַ ייד,
נאָר וואַרט נאָך איין מינוט,
דאָס פייגעלע איז טאַקע שיין,
נאָר וואָס וועט אָבער מאָרגן זיין,
דעם רבין קענסטו גוט . . .
אוי, וואַרט נאָך איין מינוט.

— אברהמעלע, אוי, נאַרעלע,
פאַר מאָרגן זאָרג זיך ניט
תירוצים איז פאַראַן גענוג,
מען דאַרף נאָר זיין אַ ביסל קלוג —
זע, ס׳פייגעלע איצט פליט!
פאַר מאָרגן זאָרג זיך ניט.

— אוי, יאָסעלע, איך וואָרן דיך
נישט גיי, ווי כ׳בין אַ ייד.

דאָס האָט דער שטן דאָרט אין פעלד
זיך אין אַ פייגעלע פאַרשטעלט
דאָס שלעפּט ער אונדז און ציט —
נישט גיי, ווי כ'בין אַ ייד.

— אברהמעלע, דו גייסט אוועק?
נו גיי, איך בלייב אַליין,
נאָר זאָגסטו אויס אַ וואָרט פון מיר,
ביי מיין נאמנות שווער איך דיר,
צעברעך איך דיר אַ ביין,
נו גיי, איך בלייב אַליין.

## משהלע

(דועט)

משהלע, ביסט עפּעס מיר אַזוי פאַרסאַפּעט —
ווער האָט דיר דאָס הענטעלע אַזוי צעדראַפּעט?
האָסט געשלאָגן זיך אין פעלד,
ס'נעזל איז דיר אויך צעקרעלט
ס'בלוט נאָך קאַפּעט.

— טאַטעניו, דאָס האָב איך זיך אין הויף ביים רבין,
פאַרריכטנדיק די הייזעלעך, אַ שטאָך געגעבן;
נישט געשלאָגן זיך אין פעלד —

מיט דער נאָדל זיך צעקרעלט,
כ׳זאָל אַזוי לעבן!

— משהלע, וואָס איז געשען? איך מוז דאָס וויסן —
ווער האָט דיר די הייזעלעך אַזוי צעריסן?
עפּעס ביסטו מיר פאַרוויינט —
אפשר האָט דער רבי היינט
דיך געשמיסן?

— טאַטעניו, דער רבי האָט מיך נישט געשמיסן,
מיינע הייזעלעך ווייס איך נישט ווער ס׳האָט צעריסן.
מיר געזאָגט האָט מאָטעלע,
ער האָט זיך ס׳קאַפּאָטעלע
אויך צעריסן.

— משהלע, דעם אויגן־בליק אַהער צום טאַטן!
דו האָסט זיך, מיין יינגעלע, אליין פאַרראַטן.
דיר געזאָגט שוין ס׳איז נישט פיין,
מאָטל זאָל דיין חבר זיין,
געננאַרסט דעם טאַטן.

— טאַטעניו, כ׳האָב נישט געוואָלט מיט אים זיך שפּילן,
נו האָט ער געגעבן מיר זיין זיידנס ברילן,
אים דערפאַר האָב איך געשענקט
ס׳פידעלע; וואָס ד׳האָסט געברענגט,
כ׳זאָל ד׳רויף שפּילן.

— משהלע, ביסט אומפאַרשעמט, דו וועסט דאָס פילן,
כ׳וויל דו זאָלסט מיט מאָטעלען זיך מער נישט שפילן,
ס׳פידעלע דעם אויגן־בליק
ברענגען זאָלסטו מיר צוריק,
גיב אָפּ די ברילן.

— טאַטעניו, כ׳האָב׳ס צ׳ריק געוואָלט, ער וויל נישט וויסן,
האָבן מיר זיך ביידע היינט צעקרעלט, צעביסן.
מיין הויז צעפּליקט האָט מאָטעלע,
און איך האָב אים ס׳קאַפּאָטעלע
אויך צעריסן.

## אוי, מאַמעניו מיין

אוי, מאַמעניו מיין, מאַמעניו, מיין טייערע!
איז דאָס אמת, מאַמע,
אַז דער ליבער גאָט
מיר מיין גוטן טאַטן
צוגענומען האָט?
פאַרוואָס גראָד מיין טאַטן,
מיר פאַרדריסט דאָס זייער,
איך וועל, זאָגט דער זיידע,
אים נישט זען שוין מער.
מאַמעניו מיין, כ׳וויל מאַמעניו מיין, ביים טאַטן זיין.

אוי, מאַמעניו מײַן, מאַמעניו, מײַן טײַערע!
איז דאָס אמת, מאַמע,
וואָס דער זיידע זאָגט,
אַז די טויטע ליידן
ווען נאָך זיי מען קלאָגט?
און ווען מיר דאָ וויינען
האָבן זיין קיין רו —
כ׳וועל שוין מער נישט וויינען,
ווייַן נישט, מאַמעניו.
מאַמעניו מײַן, אוי, מאַמעניו מײַן, כ׳בעט דיך, נישט וויין.

אוי, מאַמעניו מײַן, מאַמעניו, מײַן טײַערע!
איז דאָס אמת, מאַמע,
וואָס איך האָב געהערט?
ווען משיח וועט קומען
אויף זיין ווייסן פערד,
וועלן אַלע מתים
אויפשטיין פון דאָס ניי
און מיין גוטער טאַטע
וועט זיין צווישן זיי?
מאַמעניו מײַן! אוי, מאַמעניו מײַן, ווען וועט דאָס זיין?

# מײַן טאַטע אַ כּוהן

*Allegretto*

כ'האָב פאַר דיר, מיין העלד, קיין מורא,
שלאָג מיך נאָר, פּרוביר!
קוים דערוויסט זיך דאָס מיין טאַטע
איז דאָן ווײ צו דיר.

ווייל מיין טאַטע איז אַ כּוהן,
ס'איז מיט אים קיין שפּאַס:
ער צערייסן קען אַ מענטשן,
ווען ער ווערט אין כּעס.

איין מאָל האָט אין הויף אברהמל
מיר דערלאַנגט אַ שטויס,
און מיין טאַטע, רויט פון צאָרן,
איז צו אים אַרויס.

נאָר אַ מזל האָט אברהמל —
גראָד דעם אויגן־בליק
שטאַרבט אַוועק זיין קראַנקער טאַטע,
אוי, האָט ער אַ גליק!

ווייל אַ כוהן מוז פאַרלאָזן
ס'הויז ווו ס'ליגט אַ מת —
שלאָג מיך נאָר; דו מיינסט, אַז תמיד
טרעפט זיך אַזאַ נס?

## די זון איז פאַרגאַנגען

די זון איז פאַרגאַנגען, שוין טריבלעך געוואָרן,
כ'ליג איינזאַם, פאַראומערט ביים וואַלד
און טראַכט פון מיין יוגנט, אַך, גליקלעכע יאָרן,
א בענקשאַפט נאָך זיי מיך באַפאַלט.

און פלוצלונג דערזע איך, עס ווילט זיך נישט גלויבן,
צי זאָל דאָס אַ חלום זיין בלויז,
עס קומען צו שוועבן פיל ווייסינקע טויבן
און שטעלן אַרום מיר זיך אויס.

און כ'פיל אַזוי יונג זיך, ווי ס'וואָלט מיט זיי קומען
מיין יוגנט צוריק פון דאָס ניי,

און כ׳הער ווי די טייבעלעך וואָרקען און ברומען,
כ׳פאַרנעם אָט די ווערטער פון זיי:

— דו האָסט פאַר אַ ווייל אונדז דערמאָנט אין זיכרון,
רעדקענסט אונדז? קוק איין זיך געני,
דאָס זענען מיר דיינע פאַרגאַנגענע יאָרן,
גאָך וועלכע דיר בענקט זיך אַזוי.

מיר האָבן דעם רו פון דיין האַרצן פאַרנומען,
דיין אומעט, דיין בענקען אָן שיעור,
נו, זענען מיר טייבעלעך ווידער געקומען
און בלייבן שוין אייביק מיט דיר.

איך שטרעק מיינע הענט אויס און גיב זיי אָפּ שלום,
ביסט יונג, הער איך וואָרקען אין וואַלד —
און פלוצלונג דערוואַך איך, געווען בלויז אַ חלום,
כ׳ליג איינזאַם, פאַראומערט און אַלט.

## אַזעלכע צוויי גאָלדענע צעפּ

כ׳בין, ביילקע, פאַרצייונג דיך בעטן געקומען,
כ׳בין שרעקלעך אין צאָרן געווען —
כ׳האָב שיר וואָס נישט נעכטן אַ האַרצשלאַג באַקומען,
ווען כ׳האָב אָן די צעפּ דיך דערזען.

און דאָך וויל איך, ביילקע, דו זאָלסט מיר דערקלערן,
מעגסט ווידער מיר ווייזן די טרעפּ,
ווי פאַלסטו אויס פלוצלונג אַראָפּ זיך צו שערן
אַזעלכע צוויי גילדענע צעפּ.

גיב, ביילקע, איך בעט דיך, אַ קוק נאָר אין שפּיגל,
און זאָג מיר, צי זעסטו נישט אויס
אַזוי ווי אַ טייבל מען שניידט אָפּ די פליגל,
גלייך ווי פון שפּיטאָל וואָלסט אַרויס.

דער רוח זאָל שוין נעמען די פינצטערע מאָדע,
וואָס פּלאָגט און פאַרדרייט אייך די קעפּ,
אָט ליגן ווי מתים פאַרפּאַקט אין קאָמאָדע
אַזעלכע צוויי גילדענע צעפּ.

## אוי, נאַרישע בריאה

**וואָס** ווייַנסטו, וואָס קלאָגסטו, אוי, נאַרישע בריאה!
ס׳איז נעבעך פון דיר שוין אַ תל,
דיר וועט זיך נאָך טרעפן אַזאַ מין מציאה,
ווי שלומקע דער שניידער־געזעל.

אברהמל דער אלמן, אַ ייד ווי אַ שררה,
פאַרמאָגט אַ סך זילבער און גאָלד,
פלעגט ביי דיר זיך בעטן, געווען די כפּרה,
און דו האָסט נאָר שלומקען געוואָלט.

נאָר זאָרג זיך נישט, טאָכטער, נאָך וועלן בעלנים
געננג זיך געפינען אויף דיר,
וועסט זען, אַז דער הולטאַי, אַ קלאָג צו זיין פּנים,
וועט קומען זיך בעטן ביי דיר.

גו, זאָרג זיך נישט, טאָכטער, עס טרעפט ביי מאַגנאַטן,
געננג יונגעלייט נאָך פּאַראַן,
וועסט זען, אַז דער שניידערוק, אַ רוח אין זיין טאַטן,
וועט זיין נאָך מיט מזל דיין מאַן.

## אַרבעטסלאָזער־מאַרש

**איינס**, צוויי, דריי, פיר,
אַרבעטסלאָזע זענען מיר,
נישט געהערט חדשים־לאַנג
אין פאַבריק דעם האַמער־קלאַנג,
ס׳ליגן כלים קאַלט, פאַרגעסן,
ס׳נעמט דער זשאַווער זיי שוין פרעסן,
גייען מיר אַרום אין גאַס,
ווי די גבירים פוסט־און־פאַס,
ווי די גבירים פוסט־און־פאַס.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
אַרבעטסלאָזע זענען מיר,
אָן אַ בגד, אָן אַ היים,

אונדזער בעט איז ערד און ליים,
האָט נאָך ווער וואָס צו געניסן,
טיילט מען זיך מיט יעדן ביסן,
וואַסער, ווי די גבירים ווײַן,
גיסן מיר אין זיך אַרײַן,
גיסן מיר אין זיך אַרײַן.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
אַרבעטסלאָזע זענען מיר,
יאָרן לאַנג געאַרבעט שווער,
און געשאַפט אַלץ מער און מער
הייזער, שלעסער, שטעט און לענדער
פאַר אַ הייפעלע פאַרשווענדער,
אונדזער לוין דערפאַר איז וואָס ?
הונגער, נויט און אַרבעטסלאָז,
הונגער, נויט און אַרבעטסלאָז.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
אָט אַזוי מאַרשירן מיר,
אַרבעטסלאָזע, טריט נאָך טריט
און מיר זינגען זיך אַ ליד
פון אַ לאַנד, אַ וועלט אַ נייע,
וואו עס לעבן מענטשן פרייע,
אַרבעטסלאָז איז קיין שום האַנט,
אין דעם נייעם פרייען לאַנד,
אין דעם נייעם פרייען לאַנד.

# מאטעלע

(ו ר ע ט)

*Andante*

**וואָס** וועט דער סוף זיין, מאָטל, זאָג־זשע מיר ?
ביסט ערגער נאָך פון פריער געוואָרן,
באַקלאָגט האָט זיך דער רבי היינט אויף דיר,
אַז דו דערגייסט אים זיינע יאָרן.
ס'איז נישט גענוג דו ווילסט נישט לערנען גאָר,
דעם רבין נעבעך טוסט דערצערנען,
שלאָגסט זיך אַרום און שפּילסט זיך נאָר,
און שטערט די קינדערלעך דאָס לערנען ?

— נישט אמת, טאַטע, וואָס דער רבי זאָגט,
אַ שלעכטער מענטש, נישטאָ זיין גלייכן,
פאַרוואָס דערציילט ער נישט, ווי ער אונדז שלאָגט,
זע, טאַטעניו, דעם בלאָען צייכן.
כ׳האָב מיט אברהמלען זיך צעווערטלט בלויז,
ער האָט מיין חומשל צעריסן,
דערפאַר האָט אונדז דער רבי אויף זיין שויס
נאָך מיט אַ ניגונדל געשמיסן.

— וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל? ענטפער דרויף:
די שכנים זאָגן, כ׳מוז זיי גלויבן,
דו יאָגסט זיך גאַנצע טעג אַרום אין הויף,
און חברסט זיך מיט יאַנעקס טויבן, —
צי איז דאָס שיין פאַר יידן, זאָג אַליין,
מיט טויבן זיך אַרום צו יאָגן?
האָסט נעכטן, מאָטל, ווידער מיט אַ שטיין
דעם שכנס שויבן אויסגעשלאָגן?

— נישט אמת, טאַטע, ס׳איז נאָר קוים אַרויס
אַ שטיקל שויב, מען קען׳ס צוקלעבן.
איך יאָג זיך נישט, איך קוק זיך צו נאָר בלויז,
ווי שיין די טייבעלעך זיך שוועבן,
ווי פריי זיי שפּרינגען זיך אַרום אין הויף,
ווי שיין די קערנדלעך זיי פּיקן,
ווי שנעל זיי גיבן זיך אַ לאָז אַרויף,
ווען זיי אַ פרעמדע טויב דערבליקן.

— וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל, כ׳פרעג דיך נאָר ?
אַ גרויסער יונג, קיין עין־הרע.
ווען איך בין אַלט געווען דרייצן יאָר,
געקענט ווי וואַסער די גמרא.
אַ ייד מוז לערנען תורה מיט גרויס פרייד,
נישט האָבן נאַרישקייטן אין זינען —
אַז ווייל דעם מענטשן, וואָס איז צו גאָט, צו לייט,
וואָס קען גוט לערנען און געלט פאַרדינען.

— דער זיידע האָט אַמאָל דערציילט פון דיר,
פלעגסט אויך נאָך טייבעלעך זיך יאָגן,
ביסט אויך פיל בעסער נישט געווען פון מיר,
דיין רבי האָט דיך אויך געשלאָגן,
היינט קענסטו לערנען און האָסט געלט דערצו,
האָב, טאַטעניו, פאַר מיר קיין מורא,
ווען איך וועל ווערן גרויס, וועל איך, ווי דו,
פאַרדינען געלט און לערנען תורה .

# משהלע, מיין פריינד

**וואָס** מאַכסטו עפּעס, משהלע ?
כ׳דערקען דיך נאָך דיין בליק,
דו ביסט געווען מיין חברל
מיט יאָרן פיל צוריק,
און אויך אין חדר האָבן מיר
געלערנט לאַנג באַנאַנד,
אָט שטייט פאַר מיר דער רבי נאָך,
דער קאַנטשיק אין זיין האַנט.

רעפרען :

אוי, וואו נעמט מען צוריק די יאָרן . . .
יענע שיינע צייט,
אוי, דאָס יונגע שיינע לעבן
איז פון אונדז שוין ווייט,
אוי, ווי נעמט מען צוריק די יאָרן,
משהלע מיין פריינד,
אוי, נאָך יענעם בייזן רבין
בענקט דאָס האַרץ נאָך היינט.

וואָס מאַכסטו, זאָג, מיין חברל ?
דיין שמייכעלע אַצינד
דערמאָנט מיך דיין עקשנותדיקייט
נאָך זייענדיק אַ קינד,
דער רבי שמייסט אין דיר אַריין,

ביסט אויפגערעגט און בלאַס,
נאָר אים להכעיס שמייכלסטו,
דער רבי שפּרינגט פון כעס.

רעפרען:

אוי, וואו נעמט מען צוריק די יאָרן...
(ביז „משהלע, מיין פריינד")

אוי, נאָך יענע שמיץ פון רבין
בענקט דאָס האַרץ נאָך היינט.

וואָס מאַכט דיין שוועסטער רחלע?
ווי כ'וואָלט זי איצט געזען,
זי איז אַמאָל, געדענקסטו נאָך,
מיר נאָענט צום האַרץ געווען,
נאָר זי געליבט האָט בערעלן,
געהאַסט מיך אָן שום גרונט,
געבליבן איז אין האַרצן לאַנג
אַ נישט־פאַרהיילטע וואונד.

רעפרען:

אוי, וואו נעמט מען צוריק די יאָרן,
(ביז „משהלע, מיין פריינד")

אוי, נאָך יענער שיינער רחלע
בענקט דאָס האַרץ נאָך היינט.

ווי גייט עס עפּעס בערעלען,
אברהמעלע וואָס מאַכט?
און זאַלמעלע און יאָסעלע?
זייער אָפּט פון אייך געטראַכט,
געחלומט פון אייך, קינדערלעך,
געזען זיך אין דער מיט,
געוואָרן אַלטע יידעלעך —
ווי שנעל דאָס לעבן פליט.

רעפרען:

אוי, וואו נעמט מען צוריק די יאָרן...
(ביז „משהלע, מיין פריינד")

אוי, נאָך יענע יונגע ליידן
בענקט דאָס האַרץ נאָך היינט.

## קום, לייבקע, טאַנצן

לייבקע, מיין ליבער, דאָס וועט קיין גוטס נישט געבן,
דו ברענגסט מיט דיין עקשנות מיך פון געדולד אַרויס,
דו מוזט זיך לערנען טאַנצן, איך שווער ביי אונדזער לעבן,
אַלא נישט, איז היינט נאָך מיט אונדז אויס —
מעגסט זיך זיין וואָס דו ביסט:
אַ פאַרברענטער ציוניסט,
אַ בונדאָוועץ, וועמען גייט דאָס אָן?
אַלע איסטן זייט אַ צייט,
און אויך די אגודה־לייט,
טאַנצן טאַנגאָ און טשאַרלעסטאָן.

**רעפרען:**

קום, לייבקע טאַנצן, שעם זיך ניט,
איך וועל דיך פירן שריט ביי שריט,
שטעל זיך, מיין ליבער,
אַקעגן איבער
און הייב צוזאַמען מיט מיר אָן,
נעם פעסט אַרום מיך, לייבקע קרוין,
דאָס ווייס איך זיכער קענסטו שוין,
איצט לאָמיר שוועבן —
אָך, ס׳אַראַ לעבן,
ווען ס׳טאַנצט אַ פּאָרל טשאַרלעסטאָן.

לייבקע, די מענער, זיי גרינטלעך צו דערקענען,
מיין בעסטער טערמאָמעטער איז ווען איך טאַנץ מיט זיי,
וועלכע שוין באַווייבטע און וועלכע פריי נאָך זענען,
דאָס דערגיי איך שויןביים ערשטן דריי:
ווער עס איז אַ פיינער מאַן,
ווער אַ לומפּ, אַ שאַרלאַטאַן,
פיל איך, ווען דער טאַנץ נאָר הייבט זיך אָן,
און דערפאַר, לייבקע קרוין,
וויל איך דיך, און טאַקע שוין,
לערנען טאַנגאָ און טשאַרלעסטאָן.

**רעפרען:**

קום, לייבקע טאַנצן, אאַז״וו.

# העי, ציגעלעך




העי, ציגעלעך, קומט אַהער צו מיר געשווינד,
אַ שיין לידעלע וועל איך אויפזינגען אייך אַצינד,
פון אַ פּאַסטעכל הייבט דאָס לידעלע זיך אָן
און אַ מיידעלע וואָס האָט כישוף אים געטאָן.

העי, ציגעלעך, הערט וואָס ווייטער איז געשען:
לוסטיק, לעבעדיק איז אַמאָל ס׳פּאַסטעכל געווען,
היינט ווי אומעטיק, קוקט די שעפעלעך נישט אָן,
בענקט נאָכן מיידעלע וואָס האָט כישוף אים געטאָן.

העי, ציגעלעך, הערט פון לידעלע דעם סוף:
ווי יתומימלעך בלאָנדזשען איצט זיינע בידנע שאָף,
טיף אין טייכעלע ליגט דאָס פּאַסטעכל נאָך היינט
און דאָס מיידעלע זיצט ביים וואַסערל און וויינט.

# נאָך אַ גלעזל טיי

(זועט)

בערעלע, מיין ליבינקער,
כ'האָב צו דיר אַ בקשה,
— פערעלע, מיין ליבינקע,
וואָס איז דיין בקשה?
— ווען מיט מזל וועל איך האָבן
אַ ייִנגעלע אין פריידן,
וויל איך אונדזער קינד זאָל הייסן
נאָך מיין פרומען זיידן.

— פאַרוואָס עפּעס נאָך דיין זיידן?
כ'האָב דאָך אויך אַ דעה,
האָסט דאָך ערשט געהאַט אַ מיידל
נאָך דיין באָבע לאה.

— בערעלע, מיין מאַנעלע,
כ'וויל דיך עפּעס דערמאָנען —
— פערעלע, מיין ווייבעלע,
וואָס ווילסטו מיר דערמאָנען?

— דו פאַרגעסט, אַז אונדזער לייבקע
הייסט שוין נאָך דיין זיידן,
פאַרוואָס קלויבסטו זיך די יונגען,
וואַרפסט מיר צו די מיידן?

— און דו פאַרגעסט, אַז נאָך דיין טאַטן
הייסט דאָך אונדזער נחום,
ער איז דערפאַר אין אים געראָטן —
נישט קיין גרויסער חכם.

— בערעלע, מיין טייערער,
כ׳וויל דיר עפּעס זאָגן —
— פערעלע, מיין טייערע,
וואָס ווילסטו מיר זאָגן?

— וואָס־זשע דאַרף מען איצט זיך קריגן,
לאָמיר נאָר דערלעבן,
וועל איך דווקא נאָך מיין זיידן
ס׳קינד אַ נאָמען געבן.

— וואָס־זשע טאַקע איצט זיך קריגן
און אומזיסט צו ריידן,
אפשר וועט גאָר זיין אַ צווילינג —
ס׳קען גאָר זיין צוויי מיידן.

## דער זינגער פון נויט

אוי, אָרעמער נאַרישער זינגער,
ביסט נאָך אין דיין פאַך נישט געניט,
דו קריכסט נאָר אין גביר׳ישע הויפן,
צי האָט דאָרט אַן אָפּקלאַנג דיין ליד?

די רײַכע, די זאַטע מאַגנאַטן,
זײ רירט נישט דײַן טרויעריק געמיט,
פון זײ דאָרט באַקומסטו קײן גראָשן,
צו זײ דאָרט דערגרײכט נישט דײַן ליד.

און ווילסט אויף דײַן זינגען מבֿינים
און געלט אויך פֿאַרדינען דערבײַ?
גײ, זוך אין די אָרעמע הײַפֿלעך,
דאָרט זינג דײַנע לידלעך פֿאַר זײ.

און זינג זײ דאָס לידל פֿון עלנט,
דאָס טרויעריקע לידל פֿון נויט,
פֿון פֿינצטערע קויטיקע שטיבלעך,
וואו ס'הוליעט דער מלאך פֿון טויט.

פֿון בלאַסע פֿאַרקריפּלטע קינדער,
פֿון טרוקענע ברוסטן גענערט,
וואָס וועלקן נאָך אײדער זײ בליִען,
נאָך אײדער דער טויט זײ פֿאַרצערט.

יאָ, זינג זײ די טרויעריקע לידלעך,
זײ זענען געשאַפֿן פֿאַר זײ,
דײַן לידעלע וועט דאָרט באַגלייטן
אַ הילכיקער יאָמער־געשרײ.

## ווער דער ערשטער וועט לאכן

*Allegretto*

כ׳וועל זיכער, אברהמל, דער ערשטער נישט לאַכן,
איך וועט זיך, מעגסט ווי נאָך זיך וויצלען,
כ׳וועל נעמען אין זינען מיר טרויעריקע זאַכן,
נו, מעגסטו אפילו מיך קיצלען.

— וועסט לאַכן, איך וועט זיך,
וועסט, שלמהלע, שוין לאַכן,
איך האָב אַ מיטל גאָר אַווילע זאַך —
מעגסט האָבן זיך אין זינען
די טרויעריקסטע זאַכן,
וועט מוזן זיין ביי דיר דער ערשטער לאַך.

דאָס ערשטע, אברהמל, נעם איך מיר אין זינען
מיין אָרעמען טאַטן דעם שוואַכן,
וואָס זוכט אַרום אַרבעט און קען נישט געפינען,
נו, וועט זיך מיר גלוסטן צו לאַכן?

— וועסט לאַכן, איך וועט זיך,
וועסט, שלמהלע, פאַרשפּילן,
איך האָב אַ מיטל גאָר אַ ווילע זאַך:
כ׳וועל מיאַוקען ווי אַ קעצל
און ווי אַ הינטל בילן,
וועט מוזן זיין ביי דיר דער ערשטער לאַך.

— איך וועל זיך דערמאָנען, כ׳האָב נעכטן אין חדר
די סדרה וואָס גייט היינט פאַרגעסן,
דער רבי, ער וויל נאָר כ׳זאָל לערנען כסדר,
ער ווייסט נישט ווי מיר ווילט זיך עסן.

— וועסט לאַכן, איך וועט זיך,
וועסט נישט זיין אַזאַ שלעכטער,

שטעל איין אַ קנעפל, כ'שטעל אַקעגן פיר,
וועסט האַלטן זיך די זייטן
און קייכן פון געלעכטער,
דערזעענדיק וואָס איך האָב דאָ ביי מיר.

— און כ'וועל זיך דערמאָנען דעם רבינס צאָרנדיק פנים,
ווען ר'האָט מיך גענומען פאַרהערן,
נאָך האָב איך פון קאַנטשיק פיל בלאָע סימנים,
געוויינט פון יסורים מיט טרערן.

— וועסט לאַכן, וועסט לאַכן,
אַהער גיב שוין דאָס קנעפל,
זע, שלמהלע, וואָס איך האָב דאָ פאַר דיר!
אַ זעמעלע מיט פוטער,
און הערינג אַ פיין קעפל,
אַנו, זאָג, שלומקע, ווער וועט לאַכן פריער?

— אַ זעמעלע מיט פוטער
און הערינג אַ פיין קעפל,
כ'וועל מאָרגן ווידער וועטן זיך מיט דיר.

## הונגעריק דיין קעצעלע

שלאָף שוין, מיין הונגעריק מיידעלע,
מאַך שוין די אייגעלעך צו,
הונגעריק איז אויך דיין מאַמעלע.
און וויינט נישט און שרייט נישט ווי דו.

לערן זיך, קינד, פון דיין מאַמעלע,
נעם אַלץ ווי זי נעמט פאַר ליב,
מאָרגן ס׳וועט אויפשטיין מיין מיידעלע,
וועט זיין אַ סך ברויט אין שטוב —
איי ליו ליו, איי ליו ליו ליו.

שלאָף שוין, מיין נאַריש קליין מיידעלע,
וואָס איז היינט עפּעס מיט דיר ?
הונגעריק איז אויך דיין קעצעלע
און ס׳האָט גאָר קיין טענות צו מיר,
הער, ווי עס מיאַוקעט, עס רעדט צו דיר :
— מיידל, לאָז מאַמען צורו !
הונגעריק איך אויך, קליין קעצעלע,
און כ׳וויין נישט אַזוי ווי דו —
איי ליו ליו, איי ליו ליו ליו,
שלאָף שוין, מיין קרוינעניו !

שלאָף שוין, מיין אָרעם קליין מיידעלע,
ווייל דער שלאָף לינדערט די נויט,
הונגעריק איז אויך דיין ליאַלקעלע
און ווײנט נישט און מאָנט נישט קיין ברויט,
לערן זיך, קינד, פון דיין ליאַלקעלע,
ווייסט וואָס זי טראַכט אַצינד ?
— אוי, ווי באַטריבט איז אַ מאַמעלע,
ווען הונגעריק איז איר קינד —
איי ליו ליו, איי ליו ליו ליו,
שלאָף שוין, מיין קרוינעניו.

אַ מתנה מײַן טײַערער
שׂרה מיט איר זיגן
הענעך שטאַמבערגער

# רייזעלע

*Allegretto*

שטייט זיך דאָרט אין געסעלע
שטיל פאַרטראַכט אַ הייזעלע,
דרינען אויפן בוידעם־שטיבל
ווינט מיין טייער רייזעלע.
יעדן אָוונט פאַרן הייזל
דריי איך זיך אַרום,
כ׳גיב אַ פייף און רוף אויס: רייזל,
קום, קום קום!

עפנט זיך אַ פענצטערל,
וואַכט אויף ס׳אַלטע הייזעלע

און באַלד קלינגט אין שטילן געסל
אַ זיס קול, ס׳רעדט רייזעלע:
— נאָך אַ ווײַלע וואַרט, מײַן ליבער,
באַלד וועל איך זײַן פֿרײַ,
גיי זיך נאָך אַ פּאָר מאָל איבער —
איינס, צוויי, דריי!

גיי איך מיר אַ פֿריילעכער,
זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,
הער איך אויף די טרעפּלעך שפּרינגען
אירע דראָבנע פֿיסעלעך,
שוין אַראָפּ פֿון לעצטן טרעפּל,
כ׳נעם זי ליב אַרום,
כ׳גיב איר שטיל אַ קוש אין קעפּל —
קום, קום קום!

— כ׳וויל דיך בעטן, דודל,
זאָלסט אַרויף נישט פּייפֿן מער.
— הערסט, ער פּייפֿט שוין, זאָגט די מאַמע,
זי איז פֿרום, ס׳פּאַרדריסט זי זייער,
פּייפֿן, זאָגט זי, איז נישט ייִדיש,
ס׳פּאַסט נאָר בלויז פֿאַר „זיי".
גיב אַ צייכן פּראָסט אויף ייִדיש —
איינס, צוויי, דריי!

— כ׳וועל פֿון היינט נישט פּייפֿן מער,
דרויף גיב איך אַ שבועהלע —

דיר צוליב וועל איך אפילו
ווערן פרום, מיין צנועהלע,
כ׳וועל זיין, ווען דו ווילסט נאָר, רייזל,
ווי דיין מאַמע פרום,
יעדן שבת גיין אין קלייזל —
קום, קום, קום!

— כ׳גלויב עס דיר, מיין ליבינקער,
און דערפאַר דיר, דודל,
שטריק איך אַ שיין תפילין־זעקל
מיט אַ מגן־דודל,
ווען געפעלן ס׳וועט אין קלייזל,
זאָגן זאָלסטו זיי:
— ס׳האָט געשטריקט מיין ליבע רייזל —
איינס, צוויי, דריי!

— כ׳דאַנק פאַר דיין מתנהלע,
כ׳ליב אַזוי דיך, רייזעלע!
כ׳ליב דיין מאַמען, כ׳ליב דאָס געסל,
כ׳ליב דאָס אַלטע הייזעלע,
כ׳ליב די שטיינדלעך לעבן הייזל —
טרעטסט אויף זיי אַרום,
הער, דיין מאַמע רופט שוין: רייזל.
קום, קום, קום!

גיי איך מיר אַ פריילעכער,
זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,

הער איך אויף די טרעפּלעך לויפן
אירע דראָבנע פיסעלעך —
ווידער שטייט פאַרטראַכט דאָס הייזל,
ס׳געסל ווידער שטום.
קום צו מיר אין חלום, רייזל,
קום, קום, קום!

## שלמהלע ליבער

שלמהלע ליבער, כ׳וויל ענדלעך וויסן,
זאָג מיר דעם אמת, וואָס איז מיט דיר?
עפּעס אַ סוד דאַכט זיך פּלאָגט דיין געוויסן,
גייסט אַרום אומעטיק, ברוגז אויף מיר.

רעפרען:

שלמהלע ליבער, שלמהלע מיין,
זאָג מיר דעם אמת, צי דאַרף אַזוי זיין.

שלמהלע ליבער, זאָג מיר גאַנץ אָפן,
און וואָס דיין זאָרג, דיין אומעט באַשטייט?
האָט אפשר ביילקע דיך ווידער געטראָפן
און מיט איר נדן דעם קאָפּ דיר פאַרדרייט?

רעפרען:

שלמהלע ליבער אאז״וו.

שלמהלע ליבער, קענסט זיך דערמאָנען
וואָס ערשט נישט לאַנג געזאָגט האָסטו מיר ?
אין אַ קליין שטיבל, נאָר מיט דיר צוזאַמען,
וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס לעבן אָן דיר.

רעפרען :

שלמהלע ליבער אאז״וו.

שלמהלע ליבער, דאַרפסט זיך נישט שעמען,
זאָג מיר דעם אמת, זײ נישט פאַרשטעלט,
האָסט ליב ביילקען, צי ווילסטו זי נעמען
בלויז נאָר דערפאַר, ווייל עס רייצט דיך איר געלט ?

רעפרען :

שלמהלע ליבער אאז״וו.

שלמהלע ליבער, כ׳קען דיר ד׳רויף שווערן,
ס׳וועט נישט קיין שלום זיין צווישן אייך,
וועסט מיך נישט איין מאָל דערמאָנען מיט טרערן,
כאָטש איך בין אָר׳עם און ביילקע איז רייך.

רעפרען :

שלמהלע ליבער, שלמהלע מיין,
וועסט דאַן באַדויערן, נאָר שפּעט וועט שוין זיין.

# בלומקע, מײַן זשידוווקע

*Andante*

בלומקע, מיין זשידואווקע,
אַך, זיי פון גאָט געזעגנט,
האָסט אפשר מיינע ציגעלעך
ערגעץ וואו באַגעגנט ?

— כ'האָב זיי, ליבער סטאַכי,
אין ערגעץ נישט געטראָפן,

אוי, וועט היינט דיין בייזער טאַטקע
דיך דערפאַר באַשטראָפן.

— געחלומט פון דיר, סעריזשע,
געזען אין פעלד דיך ליגן,
פלוצלונג קוק איך, אַך, וואו זעגען
מיינע ווייסן ציגן?

— אפשר, ליבער סטאַכו,
ס'איז אַנדערש נישט צו קלערן,
זענען זיי אין וואַלד פאַרקראָכן —
אוי, דאָרט ווינען בערן!

— באָזשע! אַך, מיין בלומקע,
וואָס זאָל איך איצט באַגינען,
נישט געהיטן מיינע ציגעלעך,
דיך געהאַט אין זינען.

— זיי קיין נאַר, מיין סטאַכו,
נישט דיר באַשערט איז בלומקע,
ליבער, נעם אַרויס דיין פייפל,
שפיל מיר אויף אַ דומקע.

— כ'וועל מיין טאַטנס קרואווקע,
און אַלץ וואָס כ'האָב פאַרקויפן,
לאָמיר ביידע, שיינע בלומקע,
ערגעץ ווייט אַנטלויפן.

— זיין קיין נאַר, מיין סטאַכו,
אוי, נישט פאַרקויף די קרואווקע!
זוך דיר אויף אין דאָרף אַ גויקע —
איך בין אַ זשידוואווקע!

רויטלעך שוין דער הימל,
די זון פאַרגייט פּאַוואָליע,
אַך, וואו זענט איר, מיינע ציגעלעך,
קומט באַוויינט מיין דאָליע.

## טרילי, טרילילי

זיצט אַ פייגעלע אויף אַ ביימעלע,
אַ האַרבסט־ווינטל בלאָזט אין פעלד, —
ווייט אַוועק איז מיר מיין חתן שלמהלע.
זוכן אַרבעט אין דער וועלט —

רעפרען:

טרילי, טרילילי, אַ געזאַנג
שיקט דאָס פייגעלע אַראָפּ צו מיר,
אוי! טרילי, טרילילי, אוי, ווי באַנג
איז אונדז ביידע, מיר און דיר.

זינגט דאָס פייגעלע אַ קלאָג־לידעלע,
ערגעץ שטאַרבט אין פעלד אַ בלום,

געהאַט פון שלמהלע אַ טרויעריק בריוועלע —
נויט און עלנט אומעטום.

רעפרען :
טרילי, טרילילי, אאז״וו.

זינגט דאָס פייגעלע, אַך, פון גרינעם גראָז,
בינטעלעך שוין טרוקן היי,
ס׳גייען אַרבעטער אַרום דאָרט אַרבעטלאָז,
שלמהלע אויך צווישן זיי.

רעפרען :
טרילי, טרילילי. אאז״וו.

זינגט דאָס פייגעלע, וויי, פוןביימעלע,
בלעטלעך רייסט דער ווינט מיט כעס,
מחנות אַרבעטער און אויך מיין שלמהלע
הונגערן אין מיטן גאַס.

רעפרען :
טרילי, טרילילי, אאז״וו.

פלי מיין פייגעלע, טייער בריאהלע!
איבער ימען, ווייט און ברייט,
ברענג פון שלמהלען אַ גוט ידיעהלע
און דערצייל אים, ווי איך לייד.

רעפרען:

טרילי, טרילילי, אַ געזאַנג
שיקט דאָס פייגעלע אַראָפּ צו מיר,
אוי, טרילי, טרילילי, אוי ווי באַנג
איז מיר, שלמהלע, אָן דיר.

## איך האָב דיך ליב

איך האָב דיך ליב, עס פעלן ווערטער מיר,
מיין שטאַרקע ליבע אַרויסצוזאָגן דיר,
איך האָב דיך ליב, דאָך שעלט איך דעם מאָמענט
אין יענעם טאָג, ווען איך האָב דיך דערקענט,
דיך האָט געבענטשט מיט שיינקייט די נאַטור,
ביסט זייער אַ שיינע, גראַציעז איז דיין פיגור,
וואָס נוצט אַ בלום, וואָס זעטיקט ס'אויג נאָר בלויז,
אַ בלום וואָס גיט קיין דופט פון זיך אַרויס.

רעפרען:

איך האָב דיך ליב, עס פעלן ווערטער מיר,
מיין שטאַרקע ליבע אַרויסזאָגן דיר,
איך האָב דיך ליב, דאָך שעלט איך דעם מאָמענט
אין יענעם טאָג, ווען איך האָב דיך דערקענט.

איך האָב דיך ליב, דאָך ביסטו גײַש פאר מיר,
דיר פּאַסט אַ חתן אַ רייכער קאַוואַליר,

וואָס איז בלויז גוף און פוסט אַזוי ווי דו.
און האָט אַן אויטאָ, אַ שאָפער אויך דערצו,
און געלט אַ סך, ביסט דאָך פאַרליבט אין געלט
וועסט קענען קויפן זיך אַלץ וואָס דיר געפעלט.
און נאָר דערפאַר האָסטו קיין האַרץ צו מיר.
איך האָב רחמנות, רחמנות שטאַרק אויף דיר.

רעפרען:

איך האָב דיך ליב, אאז״ו.

איך האָב דיך ליב, כ׳האָב לײדער נישט געוואוסט,
ווי פלאַך דו ביסט, אַך, ווי נאַריש און ווי פוסט.
ס׳הערשט אויף דער וועלט אַ עלנטקייט, אַ נויט,
אַ קאַמף פאַר אַרבעט אויף לעבן און אויף טויט
אַ וויי־געשריי נעמט איצט די וועלט אַרום —
דיר ליגט אין זינען נאָר פודער, שמינק, פערפום,
דער פיינסטער הוט, מאָדערנע קליידער פיל,
דאָס איז דיין חלום, דאָס איז דיין לעבנסציל.

רעפרען:

איך האָב דיך ליב, עס פעלן ווערטער מיר,
מיין שטאַרקע ליבע אַרויסזאָגן דיר,
איך האָב דיך ליב, דאָך שעלט איך דעם מאָמענט
אין יענעם טאָג, ווען איך האָב דיך דערקענט.

# ביים טײַכעלע

*Allegretto*

ליג איך מיר ביים טייכעלע,
איינזאַם און פאַרטראַכט,
וואַקסט באַלד אויס אַ מיידעלע,
קוקט אויף מיר און לאַכט.
— וואָס באַגערסטו, מיידעלע
שיינינקע, פון מיר?
— באָדן זיך אין טייכעלע
שעם איך זיך פאַר דיר.

— שעם זיך נישט, שיין מיידעלע,
מעגסט אין טייך אַריין,

כ׳שוועד ביי מיין נאמנות דיר,
כ׳וועל נישט קוקן, ניין!
— כ׳גלויב דיר נישט, מיין יינגעלע,
שווערן איז קיין קונץ,
איר שווערט אָפט, מיר גלויבן אייך,
דאַן גענאַרט איר אונדז.

— ווען דו גלויבסט מיין שבועה נישט,
מיינסט, איך בין ווי זיי,
בינד איך מיר די אויגן צו
פעסט מיט קניפּלעך צוויי.
— קוקסטו אָבער, יינגעלע,
כ׳וואַרן דיך אַצינד,
ווערסטו אויף אַן אמתן
הייזעריק און בלינד.

ליג איך מיר ביים טייכעלע,
זע איך נישט קיין שיין,
הער איך ווי דאָס מיידעלע
שפּרינגט אין טייך אַריין,
הער איך ווי זי לאַכט און זינגט,
ס׳הערט זיך ווייט איר שטים:
— אָ, ווען דו וואָלסט, יינגעלע,
זען ווי פיין איך שווים!

הער איך ווי זי לאַכט און זינגט:
— קוק נישט, ווערסט באַלד בלינד,

אוי, ווי הייס איז, יינגעלע,
ס'וואַסערל אַצינד.
— קום אַרויס שוין, מיידעלע,
כ'האַלט שוין מער נישט אויס.
— קוק נישט, קוק נישט, יינגעלע,
כ'גיי פון טייך אַרויס.

## די ליאַלקע

קום, שלמהלע ליבער, נעם ס'וויגל מיט זיך,
מיר וועלן זיך שפּילן אַצינד .
דו וועסט זיין דער טאַטע, די מאַמעניו איך,
די ליאַלקע וועט זיין אונדזער קינד.

דו וועסט אַהיים קומען פאַרזאָרגט און פאַרטראַכט
און איך וועל זיך קריגן מיט דיר :
אוי, גזלן ! דאָס קינד נעבעך ציטערט פון קעלט
און דו קויפסט קיין שיכלעך פאַר איר.

דו וועסט אַהיים קומען, נישט ברענגען קיין געלט,
און איך וועל מיט כעס צו דיר צו :
אוי, גזלן ! דאָס קינד נעבעך הונגערט און שמאַכט,
אוי, וואָס פאַר אַ טאַטע ביסטו !

און וועט דאָס קינד וויינען, ס'וועט הונגעריק זיין,
אין שטוב נישט קיין ברויט, נישט קיין געלט,
נו וועל איך עס שילטן : אַ מיתה נעם איין !
אַזוי ווי מיין מאַמע מיך שעלט.

# דאָס לידל פֿון גאָלדענעם לאַנד

**אוי**, נעם, גוטער קלעזמער, דיין פידל אין האַנט
און שפּיל מיר דאָס לידל פון גאָלדענעם לאַנד.
אַמאָל פלעגט מיין מאַמע מיט האַרץ און געפיל
דאָס לידל מיר זינגען. אוי, שפּיל עס מיר, שפּיל!

און הער איך דאָס לידל, דאַן שוועבט פאַר מיר באַלד
מיין טייערע מאַמע, איר ליבלעך געשטאַלט;
איר האַרציקער שמייכל, איר צערטלעכער בליק —
זיי וועקן מיר אויף מיין פאַרגאַנגענעם גליק.

און הער איך דאָס לידל, דערזע איך, אָט שטייט
מיין מאַמע, זי מאַכט מיר מיין וויגעלע גרייט.
און כ'פיל אויף מיין שטערן איר דאַריגקע האַנט —
זי זינגט מיר דאָס לידל פון גאָלדענעם לאַנד.

אַמאָל איז געווען אין אַ גאָלדענעם לאַנד
אַ קלוגער בן־יחיד, אַ שיינער ברילִיאַנט —
זי זינגט און עס טיקטאַקט דעם זייגערס אומרו
און ס'וויגעלע הוידעט זיך — איי־ליו־ליו־ליו.

און הער איך דאָס לידל, דאָס זיסע געזאַנג,
דאַן ווערט אויפן האַרץ אַזוי אומעטיק באַנג —
און ס'ווילט זיך, ווי די מאַמע מיט האַרץ און געפיל,
דאָס לידל מיר זינגען — אוי, שפּיל עס מיר, שפּיל!

# די געפאַלענע

**ערגעץ** שלאָגט שוין צוויי דער זייגער
ס׳איז שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט
און קיין גראָשן, קיין פאַרדינסטל
האָט ביז איצט זיך נישט געמאַכט.

עפעס ווייכן מיך די מענער,
מענער, אָ, איך קען זיי גוט!
וואָס איז ווערט שוין אַ נקבה,
ווען זי הוסט און שפייט מיט בלוט.

כ׳בין שוין מער פאַר זיי קיין סחורה,
יאָלדן, פרייערס וואָס איר זענט!
ס׳בריט פון היץ מיין יונגער קערפּער
און מיין קוש ווי פייער ברענט.

פרעגט אייך, יאָלדן, מיין פאַרפירער,
ער ווייסט, אַז אָט די פון גאַס
האָט אַ האַרץ, וואָס בענקט נאָך ליבע,
האָט אַ האַרץ, וואָס ברענט פון האַס.

קומט, קומט! כ׳וועל קיין געלט נישט מאָנען,
קומט, קומט כאָטש אויף איין מינוט!
כ׳וועל אין אייך אַריין זיך בייסן,
אייך פאַרסמען מיט מיין בלוט.

ערגעץ טראַכט אַ צינד אַ מאַמע:
— וואָס איז מיט מיין קינד געשען?
בלוט וואָלט גיין פון אירע אויגן,
ווען זי וואָלט איר קינד דערזען.

## די נאַכט קומט אָן צו שוועבן

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין ליבן
פאַרשטאָרבענעם חבר מרדכי ערליך

ווידער איז אַ טאָג אַוועק,
די נאַכט קומט אָן צו שוועבן,
נענטער מיט אַ טאָג צום ברעג,
וואו ס'ענדיקט זיך דאָס לעבן;
ווידער איז אַ נאַכט פאַרביי,
ס'איז ווידער טאָג געוואָרן,
אַזוי יאָגן זיך די צוויי
שוין לאַנגע, לאַנגע יאָרן,

אַזוי יאָגן זיך די צוויי,
נישט מער צוריק זיך קערן,
מיט אַ זיפץ באַגלייט איך זיי,
און קוק זיי נאָך מיט טרערן —
און זיי פליען, גלייך פון זיי
וויל קיינער זיין ד'ער צווייטער,

ס'קומען טעג און נעכט אויפסניי —
אַ בליק און לויפן ווייטער.

אַזוי פליען אָן שום ציל
די טעג שוין לאַנגע יאָרן,
פון דעם נאַרישן ווילדן שפּיל
שוין אַלט און קראַנק געוואָרן.
ווי לאַנג נאָך, איר נעכט און טעג,
וועט איר זיך אַזוי יאָגן?
מאַכט אַ סוף שוין צום געיעג,
כ'קען ס'לענגער נישט פאַרטראָגן.

## פאַרוואָס ווייִנסטו, שיינדעלע

**פאַרוואָס** ווייִנסטו, שיינדעלע, טעכטערל דו מיין,
דיינע הייסע טרערעלעך רירן ביז צוםביין,
דיינע הייסע טרערעלעך זאָלן גיין פאַר גאָט,
זאָג, וואָס קווילט דיך, פאַר אַ מאַמען טאָר נישט
זיין קיין סוד.

— אוי ווי, מאַמע, גאָט געטרייער!
אין מיין האַרצן ברענט אַ פייער,
עפּעס ווי פאַרכישופט כ'וואָלט געווען,
עפּעס האָט מיט מיר געטראָפן,
כ'קען נישט עסן, כ'קען נישט שלאָפן,
כ'ווייס נישט, מאַמע, וואָס מיר איז געשען.

— אפשר טוט ווי ס׳קעפּעלע, טעכטערל דו מײַן,
אפשר אַ בײַז אויגעלע, ס׳קען אַלץ מיגלעך זײַן,
יעדן טאָג שדכנימלעך שלאָגן אָפּ די טיר,
וועסט מיט מזל באַלד אַ כּלה פּאַר אַ רײַכן גביר.

— אוי ווײ, מאַמע כ׳וועל אַנטלויפן,
כ׳וויל פאַר געלט זיך נישט פאַרקויפן,
ס׳האָט אַ בחור מיר זיך שוין דערקלערט,
יאָסעלע, וואָס ווױנט דערלעבן,
אָן אים קען איך מער נישט לעבן,
אים נאָר ליב איך, ער איז מיר באַשערט.

— וואָס איז מיט דיר, שײנדעלע, טעכטערל דו מײַן,
יאָסעלע, דער שנײדער־יונג, ער דײַן מאַן זאָל זײַן?
וועסט דאָך בײַ אים הונגערן, לײַדן נויט און קעלט,
צוויי דלותים גײען טאַנצן אָן אַ גראָשן געלט.

— וואָס מיר קעלט און וואָס מיר הונגער,
איך בין יונג און ער א יונגער,
גרויס וועט זײַן פאַר אונדז די קלענסטע שטיב,
כ׳וועל מיט טרוקן ברויט זיך נערן,
יאָסעלע מוז מײַנער ווערן,
מאַמעניו, דו ווײסט נישט וואָס הײסט ליב.

— כ׳ווייס, כ׳ווייס, כ׳האָב, טעכטערל, מיטלייד
שטאַרק מיט דיר,

אויפגעוועקט אַן אַלטע וואונד טיף אין האַרץ ביי מיר,
אויפגעוועקט אַן אַלטע וואונד, יאָרן פיל פאַרביי,
בעסער שווייגן, נישט דערמאָנען, ס׳טוט נאָך אַזוי ווי.

— אוי ווי, מאַמע, גאָט געטרייער,
אייביק ברענען זאָלן אין פייער
די וואָס האָבן אויסגעטראַכט דאָס געלט.
מאַמעניו, איך האָב באַשלאָסן,
יאָסעלע מוז זיין מיין חתן,
אים נאָר ליב איך, ער נאָר מיר געפעלט.

## פאַרוואָס, זאָג מיר, מאַמעניו

**פאַרוואָס**, זאָג מיר, מאַמעניו,
דער טאַטעשי זאָל לעבן
האָט קיין מאָל נישט קיין צייט ווי דו
מיט מיר זיך אָפּצוגעבן,
מאַמעניו, אוי, מאַמעניו,
זאָג־זשע מיר פאַרוואָס ?

— ווייל ער איז אַן אַרבעטער,
ביי יענעם נאָך דערצו,
לויפט נישט פוסט־און־פּאַס אַרום
מיט יינגעלעך ווי דו.
הער שוין אויף צו פּלוידערן,
כ׳האָב קינד מיינס דאָס נישט ליב,

באַלד קומט אָן דער טאַטעשי, —
נישט אויפגערוימט די שטוב.

— פאַרוואָס קומט דער טאַטעשי —
כ׳וויל, מאַמעניו, דאָס וויסן,
אַהיים פון דאָרט אַ ברוגזער,
פאַרשוויצט און אָפּגעריסן?
מאַמעניו, אוי, מאַמעניו,
זאָג־זשע מיר פאַרוואָס?

— ווייל ער זעגט און הובלעוועט,
אַז אַלץ אויף אים ווערט נאַס,
יאָגט זיך נישט ווי דו אַרום
מיט הינטעלעך אין גאַס.
הער שוין אויף צו פּלוידערן,
שוין דול פון דיר דער קאָפּ,
באַלד קומט אָן דער טאַטעשי —
טראָג גיכער ס׳מיסט אַראָפּ.

— פאַרוואָס טוט דער טאַטעשי,
צו וואָס, פאַר וועמענס וועגן,
די ברעטער דאָרטן הובלעווען
אויף שטיקלעך זיי צעזעגן?
מאַמעניו, אוי, מאַמעניו,
זאָג־זשע מיר פאַרוואָס?

— דער טאַטע זעגט און הובלעוועט
די ברעטער אַזוי לאַנג,
ביז ס׳וואַקסט פון רויע ברעטער אויס
אַ טישעלע, אַ שאַנק.
הער שוין אויף צו פּלוידערן,
דאָס צינגל דיר באַהאַלט,
באַלד קומט אַן דער טאַטעשי,
דער אויוון איז נאָך קאַלט.

— פאַרוואָס, מאַמע, האָבן מיר —
מיך טוט דאָס שטאַרק פאַרדריסן —
אַן אַלט צעבראָכן שענקעלע,
אַ פוילן טיש, אַ מיאוסן ?
מאַמעניו, אוי, מאַמעניו,
זאָג־זשע מיר פאַרוואָס ?

— ווייל, מיין קינד, אַן אַרבעטער
אויף עסן קוים פאַרדינט,
דער שוסטער אַרבעט שיכעלעך
און באָרוועס גייט זיין קינד.
הער שוין אויף צו פּלוידערן,
נישט נודע מיך אַזוי,
אָט גייט שוין דער טאַטעשי
און ס׳עסן איז נאָך רוי.

## כ'וויל נישט אזא חתן

*Allegretto*

**ברענגט** דער שדכן מיר אַ שידוך,
קוועלן פון אים אַלע,
הייסט דער חתן גאָר בנימין,
מיר געפעלט נישט אַזאַ נאָמען,
כ'וויל נישט זיין זיין כלה,
אוי, כ'וויל נישט זיין זיין כלה.

רעפרען:

אוי וויי, מאַמעניו!
פאַרוואָס גיכטו מיר קיין רו

כ׳וויל נישט נעמען
אבי וועמען,
טייערע מאַמעניו,
אוי, טייערע מאַמעניו!

ברענגט דער שדכן מיר אַ שידוך,
תנאים שוין באַשלאָסן,
הייסט ער יאַנקל נאָך זיין זיידן
כ׳קען דעם נאָמען אויך נישט ליידן,
כ׳וויל נישט אַזאַ חתן,
אוי, כ׳וויל נישט אַזאַ חתן.

**רעפרען:**

אוי וויי, מאַמעניו אאז״וו.

ברענגט דער שדכן מיר אַ חתן,
זאָגט ר׳איז גאָר אַ שררה,
הייסט ער נעבעך שלמה־זישע,
רעדט נאָר יידיש, פע, אַ בושה!
כ׳וויל נישט אַזאַ צרה,
אוי, כ׳וויל נישט אַזאַ צרה.

**רעפרען:**

אוי וויי, מאַמעניו אאז״וו.

ברענגט דער שדכן מיר אַ חתן,
אַן אויסנאם פון אַלע,

הייסט ער וולאַדעק, נאָר אַ צרה —
וולאַדעקס מאַמע הייסט אויך שרה
פונקט ווי איך זיין כלה —
אוי, ווייל זי גישט די כלה.

**רעפרען:**

אוי וויי, מאַמעניו,
שיקט שוין גאָט מיר איינעם צו,
טרעפט אַ צרה,
הייס איך שרה,
וויי מיר, מאַמעניו,
אוי, טייערע מאַמעניו.

## קריגס־אינוואַליד

**איך** בעט אַ נדבה, אוי, יידישע קינדער!
ביי אונדז אין דער היים איז אַ נויט,
די מאַמע אַ קראַנקע, דער טאַטע אַ בלינדער,
פאַרזאָרגן מוז איך זיי מיט ברויט.

**רעפרען:**

וואַרפט אַראָפּ, גוטע מענטשן, אַ פּאָר גראָשן
פאַר אַ בלינדן קריגס־אינוואַליד,
וועמענס ליכט שוין אויף אייביק איז פאַרלאָשן,

זען די וועלט וועט ער שוין קיינמאָל ניט,
אוי, זען די וועלט וועט ער שוין קיינמאָל ניט.

דער טאַטעשי מיינער איז בלינד נישט געבוירן,
געווען אַ צייט לאַנג אויפן שלאַכט.
זיין ליכט פון די אויגן אין שלאַכטפעלד פאַרלוירן,
אַהיים אַ מעדאַל זיך געבראַכט.

רעפרען:
וואַרפט אַראָפּ, גוטע מענטשן, אַ פּאָר גראָשן
פאַר אַ בלינדן, נישט געבוירן בלינד,
וועמענס ליכט שוין אויף אייביק איז פאַרלאָשן,
זען וועט ער נישט מער זיין אייגן קינד,
אוי, זען וועט ער נישט מער זיין אייגן קינד.

געבראַכט אַ מעדאַל, אַ מתנה פון קייסער,
פאַר זיינע צוויי אויגן — דער לוין,
איצט מוז ער גיין בעטלען אַרום אין די הייזער,
העלפט, מענטשן, אַ בלינדן פאַרשוין.

רעפרען:
וואַרפט אַראָפּ, גוטע מענטשן, אַ פּאָר גראָשן,
פאַר אַ בלינדן — פאָלגן פון דער שלאַכט,
וועמענס ליכט שוין אויף אייביק איז פאַרלאָשן,
ס'לעבן זיינס אַ חושכדיקע נאַכט,
אוי, ס'לעבן זיינס אַ חושכדיקע נאַכט.

איך בעט אַ נדבה, אוי, יידישע קינדער!
איר האָט דאָך קיין האַרץ פון מעטאַל,
די מאַמע אַ קראַנקע, דער טאַטע אַ בלינדער,
פון שלאַכטפעלד געבראַכט אַ מעדאַל.

רעפרען:

וואַרפט אַראָפּ, גוטע מענטשן, אַ פּאָר גראָשן
פאַר אַ בלינדן וואָס שטרעקט אויס זיין האַנט,
ווען מענטש ליכט שוין אויף אייביק איז פאַרלאָשן,
בלינד — אַ קרבן פאַר זיין פאָטערלאַנד...
אוי, בלינד — אַ קרבן פאַר זיין פאָטערלאַנד.

## חלוצים־ליבע

צי קענסטו מיר, צפורקע, פאַרטרויען דעם סוד —
כ׳וועל קיינעם נישט זאָגן, איך שווער דיר ביי גאָט —
צי האָסטו זיך באַנוצט מיט אַ כישוף־געטראַנק?
איך גיי אויס פון ליבע, כ׳בין דול שוין, כ׳בין קראַנק.

איך זע דיך אין חלום, איך זע דיך ווען כ׳וואַך,
ביינאַכט אין דער קבוצה, ווען כ׳שטיי אויף דער וואַך,
אין פעלד מיט חלוצים, ווען כ׳אַקער און זיי,
אָט וואַקסט אויס צפורקע און איך זיך דערפריי.

צי האָט מיך פאַרכישופט, צפּורקע, דו מיין
דיין זיסינקער שמייכל פול יידישער חן,
צי גאָר דיינע שוואַרצינקע אייגעלעך צוויי,
אַ שטאָלצע חלוצה אַרויס קוקט פון זיי.

צי ווען איך פאַרטראַכט זיך, ווי מוטיק דו האָסט
דיין מאַמען, דיין היימיש ליב שטעטל פאַרלאָזט,
ווו יעטוועדעס שטיינדל דיין קינדהייט דערמאָנט,
געקומען אַהער צו אויפבויען דאָס לאַנד.

און אפשר, צפּורקע, ווען כ׳זע דיך פאַרטראַכט,
געפּייניקט פון בענקשאַפט, פון הונגער פאַרשמאַכט,
פאַרברענט פון מאַלאַריע ליגסט אײנזאַם אין שטוב
און ליידסט מיט עקשנות און נעמט אַלץ פאַר ליב.

איך בעט דיך, צפּורקע, פאַרטרוי מיר דעם סוד —
כ׳וועל קיינעם נישט זאָגן, איך שווער דיר ביי גאָט —
צי האָסט זיך באַנוצט מיט אַ כישוף־געטראַנק?
איך גיי אויס פון ליבע, כ׳בין דול שוין, כ׳בין קראַנק.

## קיוועלע

שלאָף, מיין נשמהלע, מיין טייער קיוועלע,
איי־ליו, ליו־ליו, ליו, שלאָף־זשע מיר,
ס׳איז פונעם טאַטעניו געקומען אַ בריוועלע —

טויזנט זיסע קושן שיקט ער דיר,
ס׳איז פונעם טאַטעניו געקומען אַ בריוועלע —
נאָר ווייל דו ווייגסט און שלאָפסט נישט איין,
שרייב איך צום טאַטעניו, אַז שלעכט איז זיין קיוועלע,
כ׳גיב די זיסע קושן דיר נישט, ניין.

שלאָף, מיין נחמהלע, מיין טייער קיוועלע,
שאַ, שטיל אוי וואָס איז היינט מיט דיר?
ס׳איז פונעם טאַטעניו געקומען אַ בריוועלע —
ער נעמט אונדז אַריבער, שרייבט ער מיר;
ס׳איז פונעם טאַטעניו געקומען אַ בריוועלע —
נאָר ווען דו וועסט נישט רואיק זיין,
פאָרט מיט מיר משהלע און לאהלע און ריוועלע,
דיך לאָז איך דאָ איבער גאַנץ אַליין.

שלאָף מיר, מיין קדישל, מיין טייער קיוועלע,
פלאָג נישט און קווייל מיך נישט אומזיסט.
כ׳האָב צו דעם טאַטעניו געשריבן אַ בריוועלע,
אים דערציילט ווי שיין, ווי שלעכט דו ביסט,
כ׳האָב צו דעם טאַטעניו געשריבן אַ בריוועלע —
נאָר ווען דו שלאָפן וועסט אַצינד,
פאָרט צו דעם טאַטעניו מיט אונדז אויך מיין קיוועלע,
קריגסט די זיסע קושן אויך, מיין קינד.

אָן אַ היים בין איך יונג געבליבן,
ס׳האָט די נויט מיך אַרויסגעטריבן,
ווען איך האָב נאָך קיין דרייצן יאָר געהאַט,
אין דער פרעמד, ווייט פון מאַמעס אויגן,
האָט אין דער שמוץ מיך די גאַס דערצויגן,
געוואָרן איז פון מיר אַ ווילער יאַט.

רעפרען:

איך בין אברהמל, דער פעאיקסטער מאַרוויכער,
אַ גרויסער קינסטלער, כ׳אַרבעט לייכט און זיכער,
דאָס ערשטע מאָל, כ׳וועל׳ס געדענקען ביזן טויט,
אַריין אין תפיסה פאַר לקחנען אַ ברויט, אוי, אוי,
כ׳פאָר נישט אויף מאַרקן ווי יענע פראָסטע יאַטן,
כ׳צופ נאָר ביי קאַרגע, שמוציקע מאַגנאַטן,
כ׳בין זיך מחיה, ווען כ׳טאַפ אַזאַ מאַגנאַט,
איך בין אברהמל גאָר אַ ווילער יאַט.

אין דער פרעמד נישט געהאַט צום לעבן,
געבעטן ברויט, אָן אָרעמער פלעגט נאָר געבן,
נאָר יענע לייט, וואָס זענען תמיד זאַט,
פלעגן אָפט טרייבן מיך מיט צאָרן,
ס׳וואַקסט אַ גנב, ס׳איז מקוים געוואָרן —
אַ גנב בין איך, נאָר אַ ווילער יאַט.

רעפרען:

איך בין אברהמל, דער פעאיקסטער מאַרוויכער.

אַ גרויסער קינסטלער, כ׳אַרבעט לייכט און זיכער,
אַ יאַט אַ קליינער אַריין אין קוטשעמענט,
אַרויס אַ מזיק, אַ זעלטענער טאַלענט, אוי, אוי,
כ׳פּאָר נישט אויף מאַרקן ווי יענע פּראָסטע יאַטן,
כ׳צופּ נאָר ביי קאַרגע, שמוציקע מאַגנאַטן,
כ׳האָב ליב אַ מענטשן, אַ מילדן, אַ נאַש־בראַט,
איך בין אברהמל גאָר אַ ווילער יאַט.

שוין נישט לאַנג וועט דאָס שפּיל געדויערן,
קראַנק פון קלעפּ, גיכט פון תּפיסה־מויערן,
נאָר איין בקשה, כ׳וואָלט אַזוי געוואָלט —
נאָך מיין טויט, אין אַ טאָג אַ טריבן,
זאָל אויף מיין מצבה שטיין געשריבן
מיט אותיות גרויסע און פון גאָלד:

רעפרען:

דאָ ליגט אברהמל, דער פעאיקסטער מאַרוויכער,
אַ מענטש אַ גרויסער, געווען וואָלט פון אים זיכער,
אַ מענטש אַ פיינער, מיט האַרץ, מיט אַ געפיל,
אַ מענטש אַ ריינער, ווי גאָט אַליין נאָר וויל, אוי, אוי,
ווען זיבער אים וואָלט געוואַכט אַ מאַמעס אויגן,
ווען ס׳וואָלט די פינצטערע גאַס אים נישט דערצויגן,
ווען נאָך אַלס קינד ער אַ טאַטן וואָלט געהאַט,
דאָ ליגט אברהמל, יענער ווילער יאַט.

## אָרעמע שניידערלעך

וואָס וואָלט אַזוי געווען, מיין טייער עטעלע,
ווען עס העלפט אונדז דער באַשעפער:
מיר קויפן זיך אַ לאָס, אַזאַ מין צעטעלע,
און מיר מאַכן דעם הויפּט־טרעפער?
— כ׳וואָלט, יאָסעלע, געמאַכט אַ באַל פאַר אָרעמעלייט
פיין און ליב זיי אויפגענומען:
נו טרינקט, קבצנימלעך, און עסט געזונטערהייט,
זאָל אייך אַלע ווויל באַקומען!

רעפרען:

זיצט אַ שניידערל, נייט און נייט,
פאַר די גבירימלעך בגדים —
לעבט אין דחקות, אין גרויס אָרעמקייט,
די קינדער נעבעך נאַקעט אַדם.
זיסער גאָטעניו, ס׳איז שוין צייט,
גענוג שוין צרות אונדז געגעבן,
זאָל אויך אַמאָל די אָרעמעלייט
צופרידן זיין פון זייער לעבן.

— איך וואָלט מיין שניידעריי געפירט גאָר גרויס און ברייט,
צען געזעלן, צוויי טוץ מיידן,
נישטאָ אין אונדזער פאַך קיין אַרבעטסלאָזיקייט,
ס׳גאַנצע שטעטל מיר באַקליידן;
און איך וואָלט ס׳הויז געקויפט פון אונדזער ווירט דעם גביר,
ער פאַרביטערט אונדז דאָס לעבן,

זײַן שײנע װױנונג גלײַך פֿאַרנומען װאָלטן מיר,
אונדזער דירה אים געגעבן.

**רעפֿרען:**

זיצט אַ שנײַדערל, נײט און נײט,
פֿאַר די גבֿירימלעך בגדים,
לעבט אין דחקות, אין גרױס אָרעמקײט,
די קינדער נעבעך נאַקעט אָדם,
זיצט אַ שנײַדערל, נײט און נײט,
און פּלוצלונג נעמט גאָר אױס זײַן צעטל,
און דאָס שנײַדערל לעבט איצט זיך ברײט,
איז איצט דער גרעסטער גבֿיר אין שטעטל.

װי גוט װאָלט דאָס געװען, מײַן טײַער עטעלע,
דעם הױפּט־טרעפֿער כ׳װאָלט געװאונען,
װאו נעמט מען אָבער געלט אױף אַזאַ צעטעלע,
װען אױף ברױט מיר קױם פֿאַרדינען?

**רעפֿרען:**

זיצט אַ שנײַדערל, נײט און נײט
פֿאַר די גבֿירימלעך בגדים,
לעבט אין דחקות, אין גרױס אָרעמקײט,
די קינדער נעבעך נאַקעט אָדם.
זיסער גאָטעניו, קײן שום פֿרײד
איז אױף דער װעלט אונדז נישט געגעבן,
זיצט אַ שנײַדערל און נײט און נײט
און בלײַבט אַ קבצן ס׳גאַנצע לעבן.

# יאנקעלע

*Allegretto*

**שלאָף־זשע** מיר שוין, יאַנקעלע, מיין שיינער,
די אייגעלעך, די שוואַרצינקע מאַך צו,
אַ יינגעלע, וואָס האָט שוין אַלע ציינדלעך,
מוז נאָך די מאַמע זינגען איי־ליו־ליו?

אַ יינגעלע, וואָס האָט שוין אַלע ציינדלעך,
און וועט מיט מזל באַלד אין חדר גיין,
און לערנען וועט ער חומש און גמרא,
זאָל וויינען ווען די מאַמע וויגט אים איין?

אַ יינגעלע, וואָס לערנען וועט גמרא,
אָט שטייט דער טאַטע, קוועלט און הערט זיך צו,

אַ יינגעלע, וואָס וואַקסט אַ תּלמיד־חכם,
לאָזט גאַנצע נעכט דער מאַמען נישט צורו?

אַ יינגעלע, וואָס וואַקסט אַ תּלמיד־חכם,
און אַ געניטער סוחר אויך צוגלייך,
אַ יינגעלע, אַ קלוגער חתן־בחור,
זאָל ליגן אַזוי נאַס ווי אין אַ טייך?

נו, שלאָף־זשע מיר, מיין קלוגער חתן־בחור,
דערווייל ליגסטו אין וויגעלע ביי מיר.
ס'וועט קאָסטן נאָך פיל מי און מאַמעס טרערן
ביז וואַנען ס'וועט אַ מענטש ארויס פון דיר.

## מאַמעניו, אַן עצה

מאַמעניו, אַן עצה, אוי, וויל איך איצט פון דיר,
כ'קען אַליין קיין עצה מיר געפינען:
שלמהלע, דער שיינער יונג, ער שלעפט זיך צו מיר,
כ'ליג אים, זאָגט ער, טאָג און נאַכט אין זינען,
— זאָל דיר זיין צו מזל, טעכטערל דו מיין,
אפשר וועט דאָס ענדלעך דיין רעכטער זיווג זיין, אוי, אוי,
זאָלן טאַטע־מאַמע דיך שוין, גאָטעניו,
פירן צו דער חופּה אין אַ מזלדיקער שעה.

— מיר געזאָגט שוין אָפן, ער וויל זיך מיט דיר זען,
און די תנאים טאַקע באַלד באַשליסן.
מאַמעניו, דער שידוך וואָלט אַ גליק פאַר מיר געווען,
נאָר איין סיבה פייניקט מיין געוויסן —
— זאָגן דיר דעם אמת, טעכטערל דו מיין,
ווילט זיך מיר נישט גלויבן דערפון זאָל עפּעס זיין, אוי אוי,
היינטיקע בחורים, ס׳איז שוין אַזאַ וועלט,
וועלן נעמען אַבי וועמען נאָר צוליבן געלט.

— מאַמעניו, אָט טאַקע דער ענין שרעקט מיך זייער,
שלמהלען האָב איך דערציילט אַ ליגן,
אַ פעטער אין אַמעריקע האָב איך אַ מיליאָנער,
כ׳וועל אַ גרויסן נדן פון אים קריגן.
— איך האָב עגמת־נפש, טעכטערל דו מיין,
האָסט געטאָן אַ פעלער, נו מילא זאָל שוין זיין, אוי, אוי,
גיב איך דיר אַן עצה, מאַך דערפון אַ שווייג
און מיר וועלן נאָך דער חופה געבן אים אַ פייג.

— מאַמעניו, איך וויל נישט, אַן עצה, אוי, מיר גיב!
בעסער דאַכט זיך פריער איידער שפעטער,
צו וויסן אויב מיין שלמהלע האָט אמתדיק מיך ליב,
צי ליבט ער נאָר מיין אויסגעטראַכטן פעטער.
— נעם דיר נישט צום האַרצן, טעכטערל דו מיין,
ס׳וועט נאָך מיט גרויס מזל אַ חתן פאַר דיר זיין, אוי, אוי,
כאָטש דו האָסט קיין נדן, זיין פון אים געליבט,
אוודאי איז אַן אָרעם מיידל עלנט און באַטריבט.

# אונדזער אָרעם קינד

**איך** קום צו דיר דאָס לעצטע מאָל,
נישט בעטן זיך, אָ, ניין.
איך ווייס, אומזיסט איז יעדעס וואָרט,
דיין האַרץ איז פון אַ שטיין.

איך קום צו דיר דאָס לעצטע מאָל,
דערמאָנען דיך אַצינד,
וואָס וועט געשען אין פינדל־הויז
מיט אונדזער אָרעם קינד.

איך האָב מיין וועלט שוין אָפּגעלעבט,
איך שטיי שוין האַרט ביים ברעג,
באַלד וועט דער טייך אַ זינדיקע
פאַרשלעפּן ווייט אַוועק.

און דו וועסט זיך אויפזוכן באַלד
אַ פרוי פון רייכן הויז,
וועסט האָבן מיט איר קינדערלעך,
זיי פּיעשטשען אויף דיין שויס.

אַ לעבן פול מיט גליק און פרייד
פאַר דיר, פאַר זיי באַגינט —
וואָס וועט געשען אין פינדל־הויז
מיט אונדזער אָרעם קינד?

# אוי, ברודערל, לחיים!

טרינק, ברודער, טרינק אויס
דאָס גלעזל ביז צום גרונט,
וועסטו ווערן פריש און מונטער,
פריילעך און געזונט.

אוי, ברודערל, לחיים!
טרינק אַ ביסעלע וויין,
דאָס פאַרטרייבט די מרה־שחורה
יעדע זאָרג און פּיין.

מיר איז אויך ס׳לעבן
אַמאָל געווען אַ לאַסט,
כ׳האָב ווי דו גאָטס נאַריש וועלטל
ווי דעם טויט געהאַסט.

רעפרען:

אוי, ברודערל, לחיים! אאז״וו.

איצט, ברודער, טרינק איך
און פּיל זיך פריש, געזונט,
ווען מען שלעפּט דעם קראַנקן איין,
דאַן שמערצט אים נישט די וואונד.

רעפרען:

אוי, ברודערל, לחיים! אאז״וו.

איצט, ברודער, טרינק איך,
און וואָס פעלט מיר אַצינד?
כ׳פיל זיך גליקלעך ווי אַ קעניג,
פריילעך ווי אַ קינד.

רעפרען:
אוי, ברודערל, לחיים! אא״וו.

איצט, ברודער, טרינק איך,
און ווען עס רוישט אין קאָפּ,
פייף איך אויף דער גאַנצער וועלט
און טאַנץ מיר האָפּ, האָפּ, האָפּ.

אוי, ברודערל, לחיים!
טרינק אַ ביסעלע וויין,
דאָס פאַרטרייבט די מרה־שחורה,
יעדע זאָרג און פּיין.

אוי, ברודערל, לחיים!
ווען עס רוישט אין קאָפּ,
פייף איך אויף דער גאַנצער וועלט
און טאַנץ מיר האָפּ, האָפּ, האָפּ;

## חנהלע און נחומל

חנהלע, מיין לעבן, חנהלע, דו מיין,
כ׳וויל דו זאָלסט דאָס רעטעניש

מיר געבן צו פֿאַרשטיין —
ווען דו קומסט מיר אויפֿן זינען,
מעגן רוישן די מאַשינען,
מעג דאָס ביגלאייזן ווערן קאַלט,
האָב איך אַזוי ליב און גערן
שעהן־לאַנג פֿון דיר צו קלערן,
כ׳זע פֿאַר מיר דיין טייער ליב געשטאַלט.

— נחומל, מיין לעבן, נחומל, דו מיין,
איך וועל באַלד דאָס רעטעניש
דיר געבן צו פֿאַרשטיין:
דאָס באַווייזט דו האָסט מיך גערן,
דאָך ביים גייען פֿון מיר קלערן,
דאָס וועט נישט קיין טובה זיין פֿאַר מיר,
ווען פֿאַרנעמען כ׳וועל דיין זינען,
וועסטו קוים אויף ברויט פֿאַרדינען,
און איך וועל דאַן הונגערן ביי דיר.

— חנהלע, מיין לעבן, חנהלע, דו מיין,
וואָס איז פֿאַר אַן ענטפֿער,
איך קען דיך נישט פֿאַרשטיין:
כ׳רעד פֿון ליבע, מיטן דרינען
קומסטו וועגן ברויט פֿאַרדינען,
אויב דו שרעקסט אַזוי זיך פֿאַר דער נויט,
וועל איך קויפֿן צוויי מאַשינען,

דו ווערסט העלפן מיר פֿאַרדינען
און זיין זיכער, ס'וועט זיין תמיד ברויט.

— נחומל, מיין לעבן, נחומל, דו מיין,
האָסט זיך איצט באַקומען,
איך קען דיך שוין פֿאַרשטיין —
וועסט ביי מיר דאָס נישט אויספֿירן,
כ'וויל ביי דיר זיך נישט רואינירן,
שוין גענוג געפּלאָגט זיך און געניייט!
כ'וויל פֿאַסטריגעס מער נישט ציען,
יונגערהייט ביי דיר פֿאַרבליען,
איך וויל לעבן און געניסן פֿרייד.

— חנהלע, מיין לעבן, חנהלע, דו מיין,
האָסט אַצינד שוין טענות,
וואָס וועט דערנאָכטן זיין —
געלט, נאָר געלט וועסטו באַגערן
און דאָס לעבן מיר צעשטערן,
ווען פֿאַרדינען כ'וועל נישט אַזוי פֿיל
דאָ אַ הוט און דאָ אויף קליידער —
און איך בין דאָך נאָר אַ שניידער,
כ'זע ארויס ס'וועט זיין אַ טרויעריק שפּיל.

— נחומל, מיין לעבן, נחומל, דו מיין,
ביסט געוועזן מיין חתן,
מיין מאַן וועסטו נישט זיין.

# דאָס אַלטע פּאָר פאָלק

חיה, מיין ווייבל, דו שלאָפסט?
— איך שלאָף נישט, מיך נעמט נישט קיין שלאָף,
דער זייגער אין דרויסן שלאָגט צוויי אין דער נאַכט,
און איך האָב ביז איצט נאָך קיין אויג נישט פאַרמאַכט,
כ׳לייד איובס יסורים, ס׳נעמט גאָרנישט קיין סוף,
די עלטער, אוי, איז אַ גאָטס־שטראָף.

— חיימל, זאָג מיר, דו שלאָפסט?
— איך שלאָף נישט, ס׳איז, חיה, זייער מיאוס,
מיך שטעכן די זייטן, עס מוטשעט דער הוסט,
און שווער, ווי אַ צענטן אָט דאָ אויף דער ברוסט,
דאָס וועטער וועט, חיהלע, מאָרגן זיין מיאוס,
מיך רייסן די הענט און די פיס.

— חיהלע, זאָג מיר, דו שלאָפסט?
— איך שלאָף נישט, דערמאָנט זיך אָן זיי,
פון יאָסלען איז לאַנג שוין קיין בריוול געווען,
און שיינדל — גאָט ווייסט וואָס מיט איר איז געשען,
פון אַלע פיר קינדער געבליבן מיר צוויי,
געהאַט אַמאָל נחת פון זיי.

— חיימל, זאָג מיר, דו שלאָפסט?
— איך שלאָף נישט, אויך איך פון זיי טראַכט,
היינט חנהלעס בעט אויפן בוידעם געזען,

אַמאָל איז דאָס בעטל אונדז נוצלעך געווען,
אויך יאַנקעלעס וויגל, מיר האָט זיך געדאַכט,
איך זע אים, איך הער ווי ער לאַכט.

—חיהלע, זאָג מיר, דו שלאָפסט ?
—געדרימלט, געחלומט פון זיי,
אין שטוב אַלע קינדער, איך בעט זיך ביי זיי :
אוי, קינדערלעך, שרייט נישט, דער קאָפּ טוט מיר וויי !
גאָר באַלד איז דער זיסינקער חלום פאַרביי —
אוי, ס׳בענקט זיך נאָך יענעם געשריי.

— חיימל, טוסט זיך שוין אָן ?
— יאָ, ס׳טאַגט שוין, עס קרייט שוין דער האָן,
געלויבט דער אין הימל, געפּאַטערט אַ נאַכט,
געדרייט זיך פון ווייטיק, קיין אויג נישט פאַרמאַכט,
נאָר באַלד, מיין ליב חיהלע, ברענגט אונדז דער סוף
דעם שטילן, דעם אייביקן שלאָף.

# אַן אַרבעטלאָזער

אַט דריי זיך אַזוי זיך שוין וואָכן, חדשים
אַרום אין די גאַסן ביז ס׳פאַלט צו די נאַכט,
און זוך אַלץ אַ מיטל, כ׳זאָל קענען פאַרגעסן,
אַז איך וועל, ווי נעכטן היינט ווידער נישט עסן,
נו, גיי איך אַזוי זיך און קלער אַלץ און טראַכט.

נו, פאַלט מיר איין פּלוצלונג, כ׳וועל ציילן די הייזער,
די קראָמען, די קונים וואָס גייען אַריין,
כּדי נישט צו פילן דעם ווייטיק אין מאָגן,
ווי עפּעס אַ וואָרעם האַלט דאָרט אין איין נאָגן —
אַ זעלטן גוט מיטל ווען דאַכט זיך דאָס זיין.

נאָר ווי אויף להכעיס, דעם שטנס אַ שפּיצל,
אַ קרעמל פון עסנוואַרג ווי נאָר אַ הויז,
און ס׳ווינקען זייער תּאווהדיק, רייצן און ציִען,
ווי מיידלשע אויגן וואָס ברענען און גליִען,
די פרישינקע זעמל פון קוישן אַרויס.

נו, שטיי איך אַזוי זיך און עס מיט די אויגן
די זעמל, און כ׳פיל ווי מיר וואַסערט אין מויל,
נו, זוך איך אַ מיטל, כ׳זאָל קענען פאַרגעסן,
אַז איך וועל, ווי נעכטן, היינט ווידער נישט עסן,
און אַלץ אין מיר ציטערט פון אימה און גרויל.

נו, פאַלט מיר איין פּלוצלונג, כ׳וועל היינט אין גאַס ציילן,
פאַראַן היינט, וואָס שפּרינגען פון ווילטאָג אַרום,
באַפּוצט און באַהאָנגען מיט מאַרקעס און גלעקלעך;
פאַראַן היינט פאַרדאַרטע וואָס קוקן אויס שרעקלעך,
וואָס דרייען זיך הונגעריק הפקר אַרום.

נאָר ווי אויף להכעיס, שוין ווידער דער שטן,
אַ הונט שטייט און גריזשעט אַ טרוקענעם ביין,

און אָט קומט אַ צווייטער, זיי נעמען זיך בייסן,
ס׳וויל איינער ביים צווייטן דעם ביין אַרויסרייסן,
נו, שטיי איך און שמייכל און קריץ מיט די ציין.

## מיין יובל

שפּיל, קלעזמער, שפּיל־אויף מיר אַ לידל,
ס׳איז היינט מיין יובל, שפּיל מיט הומאָר
אַ פריילעכס! אַז שפּרינגען זאָל דיין פידל,
מיר איז געוואָרן היינט פופציק יאָר!

באַפריי מיך היינט פון מיינע זאָרגן,
כ׳וויל היינט אַ לעב טאָן — שפּיל, אַלטער פריינד!
איך ווייס נישט וואָס ברענגען וועט דער מאָרגן,
ס׳קען זיין מיין שמחה די לעצטע היינט.

שוין פופציק איז מיר היינט געוואָרן,
צו מיין סך־הכל פעלט שוין נישט פיל,
דער גליקלעכסטער טייל פון מיינע יאָרן
איז שנעל פאַרפלויגן — שפּיל, קלעזמער, שפּיל!

פאַרפלויגן ווי טענער פון פידל
מיין שיינע יוגנט — אַ חלום נאָר —
שפּיל, קלעזמער, מיר אויף אַ פריילעך לידל,
מיר איז געוואָרן היינט פופציק יאָר.

# קליינער יתום

וויין נישט, וויין נישט, קליינער יתום!
שפּאָר די טרערן כאָטש דיך קוועלט,
ווייל דאָס לעבן האָט גאָר צרות,
אוי, ווי שלעכט, ווען טרערן פעלט.

שפּאָר די טרערן, ווי בריליאַנטן,
ווּעסט אַמאָל זיי דאַרפן זייער —
ווען דיין הערצל גייט שוין איבער,
לאָז פון אויג אַרויס אַ טרער.

שלאָף שוין, שלאָף שוין, קליינער יתום,
צי נישט מער אַרויס מיין בלוט —
ס׳וועט דער הונגער דיך נישט קוועלן,
ווּעסט אין שלאָף זיך פילן גוט.

ס׳וואָלט גאָר אפשר זיין פיל בעסער
דיר, מיין יתום, און אויך מיר,
דו זאָלסט אייביק־אייביק שלאָפן,
איך דיין מאַמע לעבן דיר.

וויין נישט, וויין נישט, קליינער יתום!
אוי, ווי שלעכט ווען ס׳פעלט אַ טרער,
ווען דאָס האַרץ איז פול מיט ליידן
און די אויגן זענען לער.

# שלאָף שוין, מײַן קינד

נו שלאָף שוין, מײַן קינד, מײַן ייִנגעלע קליינס,
די אייגעלעך דײַנע מאַך צו —
די מאַמע וועט קויפֿן אַ פֿערדל אַ שיינס,
נאָר שלאָף־זשע מיר — איי־ליו־ליו־ליו.

אַ פֿערדל אַ שיינס, ס'וועט קאָסטן פֿיל געלט,
אַ וועגעלע אויך, אויף מײַן וואָרט.
דו וועסט קאָנען פֿאָרן אַרום אין דער וועלט,
אויפֿזוכן דײַן טאַטעשי דאָרט.

דײַן טאַטע, מײַן קינד, איז לאַנג שוין אַוועק,
אַ בריוול געשריבן, נישט מער.
געפֿינסט אים דאָרטן, דאַן פֿרעג אים, אוי פֿרעג,
צי ליבט ער דײַן מאַמען נישט מער.

צי האָט ער פֿאַרגעסן זײַן ווײַב און זײַן קינד,
אַ צווייטע פֿאַרטרעט דאָרט מײַן אָרט.
צי אפֿשר חלילה, אוי ווײ מיר און ווינד,
געשטאָרבן דער טאַטעשי דאָרט.

איי־ליו־ליו — שלאָף מײַן ייִנגעלע קליינס,
אַ יתומל נעבעך ביסטו.
איך וועל דיר לערנען אַ קדישל אַ שיינס,
שלאָף־זשע מיר — איי־ליו ליו־ליו.

# מיין היים!

אַ מתנה
מיין טייערן, ליבן יוגנט־חבר
יאָסעלע ווײַנבערג

**נישט** געזען מיין היים שוין אַ סך יאָרן,
בין איך איבער ימען געקומען צו פאָרן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל מיין!
אָט בין איך מיט מזל שוין אין מיין היים.

טייערע היים, אָך שוועסטערלעך און ברידער,
ליבינקע חברים, איך וועל אייך באַלד זען ווידער.
וויאָ, וויאָ, ברודערל מיין!
תיכף פון דער באַן אין מיין שטאָט אַריין.

אָט זע איך שוין בוימער פון די פלאַנטן
שמייכלען צו מיר ליב, ווי צו זייערס אַ באַקאַנטן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל פאָר!
זע איך אייך אין חלום צי אויפן וואָר?

ס׳פליען גאַסן, ווי פון ווינט געטראָגן —
אָט איז שוין דער רינג־פּלאַץ, כ׳הער דעם זייגער שלאָגן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, פאָר!
יעדע מינוט איז מיר אַ יאָר.

אין יידישן קוזמאַרק שוין אַריינגעפאָרן —
עפּעס אויפן האַרצן איז אומעטיק געוואָרן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, וויאָ!
אַך, ווי גוט געפילט כ׳האָב אַמאָל זיך דאָ!

אָט באַגריסן מיך אַלט־באַקאַנטע בלאָטעס,
אָרעמע, רחמנותדיקע, יידישע קאַפּאָטעס.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, וויאָ!
דאָס איז דער ערשטער ברוך־הבא.

גרויע גאַסן, גרויע, קרומע וועגן,
גרוי און מרה־שחורהדיק איז אַלץ וואָס איך באַגעגן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, וויאָ!
גרוי קוקט אויס דאָס יידישע לעבן דאָ.

יידישע קראָמען, אָנגעפילט מיט זאָרגן,
יידעלעך פאַרדאַגהטע, אָן היינט און אָן אַ מאָרגן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, וויאָ!
אָרעמקייט און נויט וואַקסט פון שעה צו שעה.

נישט מער געטראָפן מלכלהען מיין שוועסטער,
רבקה שטאַרק פאַראָרעמט און קראַנק איז נעבעך אסתר.
וויאָ, וויאָ, ברודערל, וויאָ!
אויך אַ סך חברים שוין מער נישטאָ.

טייערע היים, אוי ווי צו די יאָרן —
פון אַלע מיינע טייערע אַ תל איז דאָ געוואָרן.

וויאָ, וויאָ, ברודערל מיין!
תיכף צו דער באַן, כ׳קען דאָ מער נישט זיין.

טייערע היים, מיך האָט צו דיר געצויגן!
איצט פון דיר אַנטלויף איך ווי אַ פייל פון בויגן.
וויאָ, וויאָ, ברודערל מיין!
צוריק אין דעם לאַנד, וואו די לופט איז ריין!

# שוין שטיל איז אין געסל

Moderato

Fine

D.S. al Fine

**שוין** שטיל איז אין געסל,
פֿאַרמאַכט שוין אַלע קראָמען,
דער זייגער שלאָגט ערגעץ אויס שוין ניין,
ער זאָגט מיר אָן די בשורה,
אַז באַלד אַראָפּ וועט קומען
מיין טייער שׂרהלע, געזונט זאָל זי מיר זיין.

אַט זע איך איר שאָטן
אין שטוב אַרום שוין שפּרינגען,
זי איילט זיך, אָט עפנט זי די טיר,
שוין הער איך איר געלעכטער,
ווי ס׳וואָלטן גלעקלעך קלינגען,
און אָט שטייט מיין שרהלע אַ פריילעכע פאַר מיר.

— כ׳בין היינט טאַקע פריילעך,
ס׳וועט יאָסל זיך אויך פרייען,
כ׳האָב שוין מיין אויסשטייער אויפגענייט,
נאָך מעבל און אַ דירה,
און דאַן נעם איך זיך נייען
צו אונדזער חתונה מיין אייגן חופּה־קלייד.

— און דאַן צו דער חופּה —
ס׳איז ליכטיק ווי ביי שׂררים,
נאָך איין אויגנבליק צום הרי־את,
און דאַן דאָס מצווה־טענצל —
אַ פריילעכס שפּילט, קלעזמאָרים!
כ׳האָב מיט מיין שרהלען שוין חתונה געהאַט.

— און דאַן וועט מיין יאָסל
אויף אויסהאַלטונג פאַרדינען,
און איך וועל חוץ נייען פירן ס׳הויז,
— און שרהלע מיין ווייבל

צום יאָר וועט מיר געווינען
אַ טייער ייִנגעלע אים האַלטן אויף מיין שויס.

און זינגענדיק דאָס לידל
פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
וועל קוקן ווי ס׳ייִנגעלע שלאָפט איין,
אַ וויגעלע, מיין שרהקע,
אַ שיינס וועל איך אויסהאַנדלען,
ווי ביי דעם גרעסטן גביר אַ וויגעלע מוז זיין.

— דו האַנדלסט שוין אַ וויגל,
פאַרגעסן האָסט אַפּנים,
מיר האָבן נאָך נישט, יאָסעלע דו מיין,
קיין מעבל און קיין דירה,
מיר זענען צוויי קבצנים,
כ׳מיין אונדזער חתונה וועט אַזוי גיך נישט זיין.

## זאָג מיר, לבנה

דער קאַלטער ווינטער איז שוין אַריבער,
די פרילינג־זון מיט פרייד באַגריסט די וועלט.
נאָר מיר אין האַרצן ווערט טעגלעך טריבער,
זייט מיין געליבטער איז אַרויס אין פעלד.

קענען מיך דען פרייען די פרילינגס־בלומען,
די פייגעלעך מיט זייער ליב געזאַנג,
ווען פון מיין חתן איז נישט געקומען
קיין שום ידיעה שוין חדשים לאַנג.

נישט זאָרג, געליבטע, האָט ער מיט טרערן
די לעצטע נאַכט דערקלערט אין וועלדל מיר;
ביי דער לבנה און ביי די שטערן
שווער איך דיר צו: מיין האַרץ געהער צו דיר.

און טרויעריק האָבן די ביימער אַלע,
די בלימעלעך, די גרעזעלעך געטרויערט,
גלייך ווי זיי וואָלטן באַוויינט די כלה,
וואָס שטייט פון לעצטן ליבן קוש באַרוישט.

האָט ער זיין שבועה, זיין וואָרט געבראָכן,
צי אפשר האָט פאַרנומען אים דער פיינט?
צי ליגט ער דרויסן די ברוסט צעשטאָכן
און פון יסורים קרעכצט ער דאָרט און וויינט.

זאָג מיר, לבנה, זאָגט, ליבע שטערן,
איר, עדות מיינע, נאָך פון יענער נאַכט:
צי וועט מיין חתן צוריק זיך קערן,
צי האָט דער טויט זיין טרייעס אויג פאַרמאַכט?

## קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען

*Allegretto*

**וואָס** האָבן מיר צו מיטאָג הײַנט? —
פרעגט יאָסעלע דער מאַמען. —
מיר ווילט זיך עסן, מאַמעניו,
קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען.

— געהערט אַ חוצפה, ס׳ווילט זיך אים
קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען,
כ׳האָב היינט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
וועסט אָסור זיך נישט סמען.

רעפרען:

קאַרטאָפּל־זופּ וויל יאָסעלע,
און די עלטסטע טאָכטער סאָסעלע
גבירישע מאכלימלעך האָט ליב,
נו גיב זיי פיינע שפייזעלעך,
ווי אין יענע רייכע הייזעלעך,
אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

וואָס האָבן מיר צו מיטאָג היינט? —
אַריין אין שטוב קומט סאָסל —
מיר ווילט זיך עסן, מאַמעניו,
אוי, פערפעלעך מיט ראָסל!
— געהערט אַ חוצפה, פערפעלעך
מיט ראָסל ווי מאַגנאַטן,
כ׳האָב היינט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
ס׳וועט אָסור דיר נישט שאַטן.

רעפרען:

קאַרטאָפּל־זופּ וויל יאָסעלע,
פערפעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
קנאָבל־זופּקעס האָבן זיי נישט ליב,

און חיהלע ס׳מוזיניקל —
דאָס איז גאָר אַ מין מפוניקל,
און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

— וואָס האָבן מיר צו מיטאָג היינט ? —
אַריין אין שטוב קומט חיה —
כ׳וויל באָבעלעך מיט קלוסקעלעך
מיר שמעקט דאָס אַ מחיה !
— געהערט אַ חוצפּה, באָבעלעך
מיט קלוסקעס איר גאָר שמעקן,
כ׳האָב היינט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
וועסט אָסור זיך נישט קרעקן.

רעפרען :

קאַרטאָפל־זופּ וויל יאָסעלע,
פערפעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
חיהלע שרייט : מאַמעניו, מיר גיב,
אוי, באָבעלעך מיט קלוסקעלעך
שלינג רינט פון זייערע פּיסקעלעך
און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, און אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

— וואָס טוט זיך דאָ ? — פרעגט ס׳מאַנעלע,
דערזעענדיק מיך ביידזלעך, —
וואָס זיצט איר אַזוי ברוגזלעך,

אַראָפּגעלאָזט די נעזלעך.
— געהערט אַ חוצפּה, אַך און וויי,
פּרנסה־געבער מײַנער!
געקאָכט אַ פײַנע קנאָבל־זופּ
און עסן וויל נישט קיינער.

רעפרען:

קאַרטאָפל־זופּ וויל יאָסעלע,
פּערפּעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
באָבעלעך מיט קלוסקעס איר גאָר גיב,
נו, קאָך זיי פײַנע שפּײַזעלעך,
ווי אין יענע רײַכע הײַזעלעך,
אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, קנאָבל־זופּ האָט אויך מײַן מאַן נישט ליב.

# קינדער־יאָרן

*Andante.*

**קינדער־יאָרן**, זיסע קינדער־יאָרן,
אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון;
ווען איך טראַכט פון אייער צייט,
ווערט מיר אַזוי באַנג און לייד —
אוי, ווי שנעל בין איך שוין אַלט געוואָרן.

נאָך שטייט מיר דאָס שטיבל פאַר די אויגן,
וואו איך בין געבוירן, אויפגעצויגן,
אויך מיין וויגל, זע איך דאָרט,
שטייט נאָך אויף דעם זעלבן אָרט —
ווי אַ חלום איז דאָס אַלץ פאַרפלויגן.

און מיין מאַמע, אַך, ווי כ׳פלעג זי ליבן,
כאָטש זי האָט אין חדר מיך געטריבן;
יעדער קניפּ איז פון איר האַנט
מיר נאָך אַזוי גוט באַקאַנט —
כאָטש קיין צייכן איז מיר נישט פאַרבליבן.

נאָך זע איך דיך, פייגעלע, דו שיינע,
נאָך קוש איך די רויטע בעקלעך דיינע,
דיינע אויגן פול מיט חן
דרינגען אין מיין האַרץ אַריין,
כ׳האָב געמיינט, דו וועסט אַמאָל זיין מיינע.

קינדער־יאָרן, יונגע שיינע בלומען!
צ׳ריק צו מיר וועט איר שוין מער נישט קומען!
יאָרן אַלטע, טרויעריקע,
קאַלטע, מרה־שחורהדיקע
האָבן אייער שיינעם פּלאַץ פאַרנומען.

קינדער־יאָרן, כ׳האָב אייך אָנגעווירן,
מיין געטרייע מאַמען אויך פאַרלוירן,
פון דער שטוב נישטאָ קיין פלעק,
פייגעלע איז אויך אַוועק,
אוי, ווי שנעל בין איך שוין אַלט געוואָרן.

אַ מתּנה
מײַן ליב װײַבל בלומקע

# דרײַ טעכטערלעך

**װען** מיט מזל, געזונט און לעבן
ס׳עלטסטע טעכטערל מיר װעלן אױסגעבן
װעל איך טאַנצן מיר האָפּ, האָפּ!
אַראָפּ אַן עול פֿון קאָפּ,
װעל איך טאַנצן, אױ, װעל איך טאַנצן —
אַראָפּ אַן עול פֿון קאָפּ.
שפּילט, קלעזמאָרים! שפּילט מיט לעבן —
ס׳ערשטע טעכטערל הײַנט אױסגעגעבן,
נאָך געבליבן אונדז מײדלעך צװײ,
װי האַלט מען שױן בײַ זײ!

שפּילט, קלעזמאָרים, נעמט די כּלי־זײַן!
זאָל די גאַנצע װעלט מיט אונדז זיך פֿרײען,
אױ, אונדזער שׂמחה װײסט נאָר אײן גאָט
און דער װאָס טעכטער האָט.

װען כ׳װעל זען שױן דאָס צװײטע מײדל
אָנגעטאָן אין װײַסן חופּה־קלײדל,
װעל איך טרינקען און פֿרײלעך זײַן —
אַראָפּ פֿון האַרץ אַ שטײן,
װעל איך טרינקען, אױ, װעל איך טרינקען,
אַראָפּ פֿון האַרץ אַ שטײן.

שפּילט, קלעזמאָרים, הייבט אָן שניידן!
ס׳צווייטע מיידל גיבן מיר אויס אין פריידן,
דאָס מוזיניקל נאָך האָבן מיר,
ווי האָלט מען שוין ביי איר.

שפּילט, קלעזמאָרים, פאַר אונדז מחותנים,
זאָלן אַ לעב טאָן אויך אַמאָל קבצנים,
אַ קינד אויסגעגעבן, אוי, גאָטעניו,
אַ מיידל נאָך דערצו.

ווען ביים לעצטן כ׳וועל שפּילן הערן,
וועל איך עפּעס טרויעריק שטיין און קלערן —
ס׳לעצטע טעכטערל שוין אויך אַוועק,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?
ס׳לעצטע טעכטערל, אוי, ס׳לעצטע טעכטערל,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?

שפּילט, קלעזמאָרים! באַזעצט די כלה,
צוגענומען אונדז די קינדער אַלע,
שווער געווען אונדז די טעכטער דריי
אוי, שווערער נאָך אָן זיי!

שפּילט, קלעזמאָרים, אַרויס אונדז טרערן,
ס׳לעצטע בעטל וועט היינט ליידיק ווערן,
ס׳גאַנצע שטיבל, איר קליידער־שאַנק —
אוי־וויי, ווי פּוסט און באַנג.

צווייטע אָפּטיילונג *)

# פאָלקסטימלעך

1920

*) די סעריע לידער זיינען דערשינען אין קראָקע, אין . 1920, אין פאַרלאַג „דאָס ביכעלע".

# די ערשטע בלעטלעך

**ווען** איך זע די ערשטע בלעטלעך
אויף די ביימער בליען,
ווען די ערשטע פייגל קומען
פריילעך צוריק צו פליען;

ווען אין פעלד די קינדער פלעכטן
ס׳ערשטע בלומען־קרענצל,
שטעלן דאַן זיך אויס אַ רעדל
ווי צום מצווה־טענצל;

און זיי טאַנצן און זיי זינגען
פרייען זיך און לאַכן —
ווילט זיך מיר אַריין אין מיטן
ס׳רעדל גרעסער מאַכן.

הוליען, טאַנצן מיט די קינדער
ווי אין יענע יאָרן;
פריילעך, פריילעך, הוליעט, קינדער,
כ׳בין צוריק יונג געוואָרן...

## צו מיין געליבטער

ווילסטו, געליבטע, איך זאָל היינט
זיך אָפּן דיר דערקלערן?
קום מיט מיר אַרויס אין פעלד,
דאָרט וועט אונדז קיינער נישט שטערן.

קום מיט מיר אַרויס אין פעלד,
גאַנץ אויבן, דאַרפסט נישט שרעקן —
כ'וועל היינט אַלע סודות דיר,
וואָס כ'טראָג אין האַרץ, אַנטפּלעקן...

דאָ, געליבטע, קען איך נישט,
דאָ עסט דער שטויב די לונגען.
דאָרט איז שטיל, די לופט איז פריש,
און ס'לעבט זיך נישט געצוואונגען...

זע! די זון קלייבט שוין צונויף
די לעצטע רויטע שטראַלן, —
זע, ווי רויט דאָס פעלד איז איצט,
די גרעזלעך ווי קאָראַלן. —

הער! ווי שיין דער סלאָוויק זינגט
זיין נאַכט־געבעט צום הימל.
זע, אַ בין, נאָך פאַרן שלאָף,
דאָרט האַלדזט און קושט אַ בלימל...

קום, געליבטע, העכער דאָרט!
אַך, ס׳אַרא פאַרגעניגן
פון קיין מענטש צו זיין געזען
אין ווייכן גראָז צו ליגן...

פון קיין מענטש צו זיין געזען
ביים שיין פון דער לבנה —
שענק איך דיר אַ הייסן קוש
פון האַרצן אַ מתנה.

וועסט פאַרגעסן אָן דער וועלט,
פאַרגעסן אַלע ליידן: —
דו — ביסט חוה, אָדם — איך,
מיר לעבן אין גן־עדן...

## גאָטס שמייכל

יאָ, יאָ, מיין קינד, ווען גאָט נאָר וויל
ס׳זאָל ווערן טאָג פון נאַכט, —
דאַן גיט ער נאָר אַ שמייכעלע...
שיינט אויף די זון — אַ פראַכט.

— אוי, מאַמעניו, כ׳האָב זיך דערמאָנט:
געוועז איז דאָס פאַר יאָרן —
ווען די זון האָט דאָ פאַרברענט,
די גערשטן, ווייץ און קאָרן;

ווען געהונגערט האָט די שטאָט,
געמוזט די קראָם פאַרמאַכן,
אוי! האָט דאָס דער ייִבער גאָט
געמוזט דאָרט האַרצלעך לאַכן!...

## מ׳יט איר זיך באַקענט

מיר זיינען צוזאַמען געווען אויף אַן אָונט,
און כ׳האָב זיך מיט איר דאָרט באַקענט;
גערעדט נאָר מיט מיר פון אַ גליקלעכער צוקונפט,
פון פרייהייט, געהיצט זיך, געברענט:

„ס׳וועט קומען אַ סוף — האָט איר שטים
געקלונגען —
צום גאָלדענעם גאָט, צו זיין מאַכט!
אַ סוף צו די האַרן אין גאָלדענע רינגען!... —
אַ „נביא״, האָב איך זיך געטראַכט.

נאָר פלוצלונג... איז זי גאָר געוואָרן אַנטשוויגן,
איר בליק האָט פאַרלאָרן דעם ברען, —
דאָס היציקע מיידל, זי האָט אויף מיין פינגער
אַ שיין קידושין־רינגל דערזען...

## ביילקע

איינס דער זייגער, אַלע שלאָפן
אין דער מיט דער נאַכט —
ביילקע זיצט נאָך אַלץ ביים פענצטער
טרויעריק, טיף־פאַרטראַכט.

טרויעריק, כאָטש ער האָט שוין נעכטן
אָפן זיך דערקלערט,
אַז אָן איר קען ער נישט לעבן:
זי איז אים באַשערט.

אַז אין שלאָף, אויך ביי דער אַרבעט
ווען ער זיצט און נייט;
וואו ער קוקט און וואו ער שטעלט זיך
ביילקע פאַר אים שטייט.

עפּעס ווילט זיך איר נישט גלויבן
כאָטש ער רעדט איר איין,
אַז אין אירע שוואַרצע אויגן,
מוז אַ כּישוף זיין.

איז דאָס מעגלעך, קלערט אַלץ ביילקע,
טרייבט ער נישט קיין שערץ?
וועט ער נישט, ווי יענער ליגנער,
ברעכן איר דאָס הערץ?

וועט ער נישט, ווי באַלד ער'ט וויסן
ס'וועט קיין גדן זיין,
אויף די שוואַרצע כישוף־אויגן
וואַרפן אַן אום־חן?

דען אויך יענער פלעגט זיי לויבן...
ביילקע זיך פאַרטראַכט —
און אַ זיפץ פון טיפן האַרצן
הערט זיך אין דער נאַכט.

## אַ מלאך ווערט געבאָרן?

**איז** דאָס אמת, מאַמעניו,
דער זיידע האָט געשוואָרן —
פון יעדן קדיש וואָס איך זאָג
אַ מלאך ווערט געבאָרן?

און דער טאַטע דאָרט אַליין
טוט די מלאָכים ציילן? —
אוי, מאַמע, כ'וועל קיין איינציק מאָל
קיין קדיש נישט פאַרפעלן!...

# די קאַרטן־לייגערין

קום אַהער, מיין קינד, אָ, שעם זיך נישט,
כ׳ווייס דיינע סודות אַלע;
די קאָרטן דאָ, זיי זאָגן מיר:
דו ביסט געווען אַ כלה.

דו האָסט דיין חתן שטאַרק געליבט, —
אָ, זעסט די קאָרט אין מיטן?
ער האָט דיך אויף אַן אַנדערער,
מיין אָרעם קינד, פאַרביטן;

האָסט אים דיין נדן אָנפאַרטרויט, —
זעסט דאָרט די קאָרט די לינקע?
ער זיצט זיך אין אַ פריילעך הויז
און קושט דאָרט אַ בלאָנדינקע...

דו שלאָפסט נישט גאַנצע נעכט, מיין קינד,
נאָר וויינסט, פאַרגיסט פיל טרערן, —
די קאָרטן דאָ, זיי זאָגן מיר,
דו וועסט באַלד מוטער ווערן...

איצט גיב, מיין קינד, דיין רעכט האַנט
און לייג אַ קרוין אויף מיינע;
כ׳האָב דיין פאַרגאַנגענהייט געזען,
כ׳וויל זען די צוקונפט דיינע...

יאָ, יאָ, דאָס וועטער ענדערט זיך,
ס׳שײַנט אויף דײַן טריבער שטערן,
דו וועסט אַמאָל נאָך גליקלעך זײַן,
אַ לוסטיק מײדל ווערן . . .

אַ ליכטיק הויז, אַ פרײלעך הויז
מיט זײדענע גאַרינען —
און שטיבלעך פיל און מײדלעך פיל,
פיל מענער זײַנען דרינען . . .

דו ביסט די שענסטע, זאָגן זײ,
זײ ברענגען דיר בוקעטן;
דו יאָגסט און טרײַבסט זײ ווי די הינט, —
זײ קושן דיך און גלעטן . . .

און אויך דײַן חתן קומט צו דיר . . .
— — — — — — — — — — — — — — —

דו ווײנסט? ווילסט מער נישט הערן?
נישט ווײן, מײַן קינד, דו וועסט אַמאָל
אַ פרײלעך מײדל ווערן . . .

## די פאַרפירטע

וואָס ביסטו אַזוי קאַלט צו מיר?
געליבטער, זאָג מיר אָפן!

צי האָט זיך דיר אַן אַנדערע,
אַ שענערע געטראָפן ?

צי האָסט פאַרגעסן יענע נאַכט,
דו האָסט דיין וואָרט געגעבן,
דו האָסט געשוואָרן, נאָר מיט מיר
וועסט אייביק, אייביק לעבן ?

צי האָסט פאַרגעסן יענע נאַכט,
אין וועלדל דאָרט גאַנץ אויבן,
דו האָסט מיט דיינע זיסע רייד
צום הימל מיך דערהויבן ?

דו האָסט מיט דיינע זיסע רייד
פאַרשיכורט מיך, באַטרונקען, . . .
דעם לעבנס־בעכער ביז צום דנאָ
באַוואוסטלאָז אויסגעטרונקען . . .

איצט קוקסטו אויף מיר קאַלט און פרעמד,
איצט קענסטו מיך נישט ליידן ?
דו האָסט צעבראָכן מיר מיין האַרץ !
איצט, ווילסטו מיך אויסמיידן ?

דו האָסט מיין פרויען־שטאָלץ געראַובט
מיין האָפענונג און מיין שטרעבן,
צוליב איין זיסן אויגנבליק
פאַרסמט מיין יונגעס לעבן . . .

דו שווייגסט? — פאַרטראַגסט דעם אמת נישט?
געליבטער! זאָג מיר אָפן, —
בעפאָר איך גיי, אָ זאָג מיר, זאָג,
האָב איך נאָך וואָס צו האָפן?...

## וויג־ליד

שלאָף שוין, מיין קינד, מיין יינגעלע קליינס,
שליס דיינע אייגעלעך צו —
איך וועל דיר קויפן אַ פערדל אַ שיינס,
שלאָף זשע מיר, איי־ליו־ליו־ליו...

אַ פערדל אַ שיינס, ס'וועט קאָסטן פיל געלט
אַ וועגעלע אויך, אויף מיין וואָרט; —
דו וועסט קאָנען פאָרן אַרום אין דער וועלט,
אויפזוכן דיין טאַטעשי דאָרט.

דיין טאַטע, מיין קינד, איז לאַנג שוין אַוועק,
אַ בריוול געשריבן נישט מער; —
געפינסטו אים דאָרטן, דאַן פרעג אים, אַ פרעג,
צי ליבט ער דיין מאַמען נישט מער.

צי האָט ער פאַרגעסן, אַ פרעג אים, מיין קינד,
זיין ווייבל און דיך, זונעניו.
צי אפשר אַן אַנדערע, — וויי מיר און ווינד...
שלאָף־זשע מיר, איי־ליו־ליו־ליו...

שלאָף שוין, מיין קינד, דו ביסט אַזוי מיד.
שליס דיינע אייגעלעך צו; —
איך וועל דיר קויפן אַ שיפל, וואָס פליט —
שלאָף זשע מיר, איי־ליו־ליו־ליו...

אַ שיפל, וואָס פליט, וואָס קיינער נאָך האָט,
מיט פליגעלעך, — כ׳שווער וועל איך דיר, יאָ,
דו וועסט זיין אין הימל, דאָן פרעג זיך ביי גאָט,
צי איז דאָרט דיין טאַטע נישטאָ...

געפינסט אים דאָרט, דערציייל אים, מיין קינד,
ווי שלעכט ס׳איז אָן אים דאָ געוועז...
און זאָג אויך דיין טאַטן, אַז גיך און געשווינד
וועט ער זיך מיט מיר דאָרטן זען...

איי־ליו־ליו, שלאָף מיין יתומל קליינס —
נישטאָ מער דער טאַטע, נישטאָ...
איך וועל דיך לערנען אַ קדישל אַ שיינס,
שלאָף־זשע מיר, איי־ליו־ליו־ליו...

## די נשמה

יעדע נאַכט, שוין יאָרן־לאַנג,
ווען כ׳הויב נאָר אָן צו דרימלען:
שוועבט זיך מיין נשמה פריי
אַרום אין אַלע הימלען...

אוי! ווי פּלאָגט מיך דער געדאַנק:
ער סמט און רויבט מיין זינען, —
זי וועט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען זיך,
דעם וועג נישט צוריק געפינען...

אוי! ווי ס'פּלאָגט מיך דער געדאַנק:
עס ציטערט יעדער אבר, —
זי קומט אַמאָל צו שפּעט אַראָפּ —
מיין גוף ליגט שוין אין קבר...

## געפאָרן גאַנץ ווייט

אוי, מאַמע! וואָס זוימט זיך דער טאַטע אַזוי לאַנג?
ער קומט נישט מער שלאָפן, נישט עסן;
איך וויל זען דעם טאַטן, מיר איז אַזוי באַנג!
צי האָט ער אָן אונדז שוין פאַרגעסן?...

דער טאַטע, מיין קינד, איז געפאָרן גאַנץ ווייט —
גאַנץ ווייט, העט דאָרט אונטער די שטערן!
דאָרט לעבט מען שוין אייביק, אָן צרות, אָן לייד,
פון דאָרט ווילט זיך קיינעם צוריקקערן.

דאָרט איז אַזוי רואיק, מען הונגערט נישט מער
קיין שנאה... נישטאָ קיין מאַגנאַטן...
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

אוי, מאַמעניו, מאַמע! כ׳וויל דאָ נישט זיין מער —
כ׳וויל ליבער זיין דאָרטן, ביים טאַטן...

## מיין פרילינג

כ׳האָב געהאָפט אַלץ, ווען דער פרילינג
וועט נאָר קומען,
ווען די ערד וועט ווידער צירן
זיך מיט בלומען;

ווען די זון די קאַלטע ביימעלעך
וועט דערוואַרעמען
און מיט הייסער שטראַלן־ליבע
זיי אומאַרעמען;

ווען דעם סלאָוויקס זיסן טרילער
כ׳וועל דערהערן,
וועל איך אפשר פריער, ייִנגער
דאַן אויך ווערן.

און דער אומעט, וואָס אין האַרצן
ליגט פאַרבאָרגן,
וועט פאַרשווינדן, און מיט אים אויך
אַלע זאָרגן...

*

כ׳האָב געהאָפט אַלץ, און דער פרילינג
איז געקומען.
אויסגעפוצט האָט זיך די אַלטע
ערד מיט בלומען,

אויסגעסטראָיעט שטייען ביימלעך
צו עמפּאַנגען
פרילינגס־געסט, וואָס קומען צוריק שוין —
מיט געזאַנגען

און דער סלאָוויק קנאַקט און פייפט זיך
זיינע שטיקלעך...
בלימלעך טאַנצן, אַלץ איז פריילעך,
איבערגליקלעך, —

איך נאָר שטיי באַטריבט, פאַרביטערט
און פאַרלאָזן,
צווישן יונגע, פרישע פלאַנצן,
צווישן גראָזן;

אָרעם, שפּל צווישן ביימער,
צווישן נעלקן,
אַלץ בליט זיך, איך נאָר איינער
האַלט אין וועלקן.

אָפּגעקירצט מיט נאָך איין פרילינג
איז מיין לעבן,
איך זע שוין דעם קאַלטן ווינטער
פאַר מיר שוועבן . . .

## הערשעלע

פרייילעך, פרייילעך, קינדערלעך!
פרילינג איז שוין היינט, —
פון די נאָרעס קריכט אַרויס!
די זון האָט שוין אויפגעשיינט.

בלימעלעך און גרעזעלעך
צירן שוין די ערד;
דאָס געזאַנג פון פייגעלעך
שוין פון פעלד זיך הערט.

בינעלעך און פליגעלעך
זשומען שוין אַרום:
שבחים און אַ לויב־געזאַנג
הערט זיך אומעטום.

גיכער, גיכער, קינדערלעך!
קומט אַרויס אין פעלד;
נעמט אייך ביי די הענטעלעך, —
הוליעט, טאַנצט און קוועלט!

שטעלט אייך אויס אַ רעדעלע!
אָרעם אָדער רייך, —
דען ביים פרילינג, קינדערלעך!
זענט איר אַלע גלייך...

שפּילט אייך, שפּילט אין „פערדעלעך",
„קאַמער־קאַמער טיר",
„קעצעלע און מייזעלע",
ווער ס'וועט כאַפּן פריער;

שטעלט אייך אויף אַ הייזעלע,
אַ ברונעלע, אַ מיל...
נאָר אין זעלנער שפּילט אייך נישט!
אָ! העסלעך איז דאָס שפּיל...

נאָר אין זעלנער שפּילט אייך נישט,
קינדער! ס'איז נישט גלייך;
הערשעלע דאָס יתומל
איז דאָ צווישן אייך.

וועקט נישט אין זיין הערצל אויף
דעם ווייטיק וואָס ער פילט, —
דען זיין טאַטע האָט זיך אויך
אין זעלנערלעך געשפּילט.

געגעבן אים אַ ביקסעלע,
געשיקט אַרויס אין פעלד, —

געקומען דאַן אַ בריוועלע:
„געפאַלן ווי אַ העלד״...

געקומען איז אַ בריוועלע,
די מאַמע האָט געוויינט;
געלערנט אים אַ קדישל —
יאָ, ער געדענקט ס׳נאָך היינט!

פון דעמאָלט אָן האָט הערשעלע
צעבראָכן זיין געווער, —
מיט ביקסעלעך און זעלנערלעך
שפּילט ער זיך נישט מער.

פון דעמאָלט אָן, ווען הערשעלע
אין גאַס אַ זעלנער זעט,
קוקט ער נעבעך, ס׳דאַכט זיך אים: —
זיין גוטער טאַטע גייט...

דאַרום, ליבע קינדערלעך!
שפּילט אייך, וואָס איר ווילט!
נאָר צו ליב דעם יתומל
אין זעלנערלעך נישט שפּילט...

## פאַרוואָס שווייגט ער דאָרט?...

טאַטעניו! דער רבי זאָגט,
אַז גאָט אונדז שיצט און היט;

ער ווייסט אַלץ וואָס דאָ זיך טוט,
און אַלץ, וואָס דאָ געשיט —
איז אים אויבן קלאָר...
— יאָ, מיין קינד, ס'איז וואָר!

טאַטעניו, פאַרוואָס ווען אונדז
מען פייניקט און מען שלאָגט,
מען שעכט אונדז אָן רחמנות אויס,
מען קוועלט אונדז און מען פלאָגט —
פאַרוואָס שווייגט ער דאָרט?...
— שטיל, מיין קינד, קיין וואָרט...

— — — — — — — — — — — — — — —

## סליחות

„יידעלעך, הייליקע, כשרע יידעלעך!
צו עבודת־הבורא שטייט אויף,
מישט אויף די סליחות און מיט די קלאָג־לידעלעך,
אייער אַלטינקן טאַטן וועקט אויף...״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר בעט און איר וועקט אים שוין הונדערטער יאָרן —
ער שווייגט גלייך ער הערט נישט קיין וואָרט:
צי איז דאָס געבעט אים שוין נמאס געוואָרן?
צי שעמט ער מיט אייך זיך גאָר דאָרט?

צי ברענט נישט זיין צאָרן? ווען ער זעט פון הימל,
וואָס דאָ אויף זיין וועלטל זיך טוט;
זיין הייליק געבאָטן ליגט אין שמוץ און אין שימל,
זיין ערד, רויט באַטרונקען פון בלוט!

צי ברענט נישט זיין צאָרן? ווען ער זעט פון אויבן,
ווי טעגלעך צעפאַלט זיין געבאָט;
אַ מסחר געמאַכט האָט מען דאָ פון זיין גלויבן,
מען האַנדלט, מען שאַכערט מיט גאָט!

צי ענטפערט ער נישט, ווייל איר האָט אים זיין הימל,
זיין כסא־הכבוד פאַרפלעקט?
און ערגעץ פון אייער געדויש און געטומל,
אויף אייביק פאַר אייך זיך פאַרשטעקט?

יידעלעך הייליקע! הערט אויף צו קלאָגן!
אומזיסט איז אַ **יעדערע טרער**, —
די סליחה פאַרמאַכט, נעמט אייך קדיש צו זאָגן,
אייער טאַטע, — ער הערט אייך נישט מער!...

## שטערן־סאָרטן

**זאָג** מיר, מאַמע, וואָס דאָרט אויבן
שיינט און פינקלט? זאָל איך גלויבן,
וואָס אין חדר איך פלעג הערן,
אַז יעדער מענטש האָט דאָרט אַ שטערן?

— יאָ, מיין זונדל, — נאָר אויף דאָרטן
זיינען שטערן דאָ פיל סאָרטן;
זעסט צוויי שטערן? קוק דאָרט ווייטער...
איינער׳טריב, עס שיינט דער צווייטער —
וואו, למשל, דו, מיין קליינער,
און אונדזער ווירטינס זון דער שיינער.

דאַן געהערט, כ׳מעג אויך דאָס גלויבן?
גאָט דער גוטער, וווינט דאָרט אויבן,
די לבנה איז זיין שכינה, —
און זי שיינט דאָרט לויט זיין מינע?...

— יאָ, מיין קדיש, מעגסט עס גלויבן,
זאָלסט אים אייביק, אייביק לויבן;
גאָט ווייסט אַלץ, וואָס מיר דאָ קלערן,
גאָט באַשאַפט דאָס דאָרט די שטערן,
גאָט באַשאַפט די מענטשן אַלע...

מוטער!...
— שווייג, מיין קינד, פרעג מער קיין שאלה!...

## פון וואַנען?

פון וואַנען קומט דער שטורעם־ווינט
וואָס רייסט אויף ביימער, בלומען? —

— ער קומט פון הימל. דאָרט, מײַן קינד,
װוינט גאָט, זײַן ליבער נאָמען.

און דער דונער, װאָס אין פעלד
דעם טאַטן האָט דערשלאָגן ?
— אויך פון הימל . . . גײ, מײַן װעלט,
ס׳איז שפּעט, דאַרפסט קדיש זאָגן.

## אין פאַבריק

אײַל זיך, אײַל זיך, לויף געשװינדער !
ס׳פּייפט אויף דיר שוין די פאַבריק ; —
בליק נאָך איין מאָל אויף די קינדער,
דען ס׳קען זײַן דער לעצטער בליק.

דאָרט די רעדער, די מאַשינען
אין דיר שטײען טויט און קאַלט ;
נאָר דײַן שװײס קוים הויבט אָן רינען,
װעקט צום לעבן זײ אויף באַלד.

אײַל זיך, אײַל זיך, נישט פאַרשלאָפן !
גיב זײ לעבן, גיב זײ קראַפט —
הערסט נישט װי די רעדער רופן ?
אַרבעט, אַרבעט, נאָר געשאַפט !

װען דו שטײסט בײַ די מאַשינען,
דענקט נישט אין דער שײנער װעלט ;

ווען דיין קינד פאַרנעמט דיין זינען,
טרייב עס, דען ס׳קאָסט צייט, ס׳איז געלט.

ווען דו שטייסט ביי די מאַשינען,
דרויסן שיינט די זון, אַ פרייד!
דאַרפסט אויף איר קיין בליק זיך גינען,
יעדער בליק פאַרנעמט דיר צייט.

ווען דו שטייסט ביי די מאַשינען,
פלוצלונג פילסטו, דיר ווערט נישט גוט;
אַנשטאָט שווייס, הויבט אָן צו רינען
גאַנצע שטראָמען זודיק בלוט —

ווייס, אַז מער וועסט זיך נישט פּלאָגן.
האָסט שוין אָפּגעדינט דיין צייט,
יאָרן־לאַנג דעם יאָך געטראָגן,
ענדלעך, ענדלעך — זיך באַפרייט...

אייל זיך, אייל זיך, לויף געשווינדער!
ס׳פייפט אויף דיר שוין די פאַבריק; —
בליק נאָך איין מאָל אויף די קינדער,
דען ס׳קען זיין דער לעצטער בליק.

## אונטער גייט די וועלט

**הערט**, איר מענטשן! — כ׳קום אייך זאָגן,
איר דאַרפט זיך שוין מער נישט שלאָגן,

נישט מער מוטשען זיך, נישט יאָגן: —
נאָך דעם מיאוסן געלט...

גאָט דער הערשער איז געוואָרן
אויף אייך מענטשן שטאַרק אין צאָרן;
ביי זיין טראָן האָט ער געשוואָרן:
אונטער גייט די וועלט...

גאָט האָט אייך צו לאַנג געשוויגן,
זיך געלאָזט פון אייך באַטריגן
אייער פרעכקייט איז געשטיגן
ביז צו זיין געצעלט.

און פון כעס זיין קרוין צעביסן,
און פון שאַנד די זון צעריסן;
אויסגעדונערט: הערט, זייט וויסן! —
אונטער גייט די וועלט...

## דריטע אָפּטיילונג *)

# ס׳ברענט

*) די סעריע לידער אונטערן נאָמען „ס׳ברענט״ זיינען אָנגעשריבן געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע און זיינען דערשינען אין קראָקע אין 1946, דורך דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון פוילישע יידן, אָפּט. קראָקע. צו דער סעריע געהערט אויך דאָס ערשטע ליד פון דער דאָזיקער אויסגאַבע.

# ערב יום־כיפור

אַ מתנה מיין ליבן פריינד
משה לייב שטערנפעלד
און זיין ליב ווייבל שרהלע.

ערב יום־כיפור, שוין טריבלעך אין גאַס
די זון רויט פון בושה, צי אפשר פון כעס
אַראָפּ ערגעץ נידערט —
דעם מערב־זייט הימל צעברענט.
ס'איז ערב יום־כיפור, נאָך מנחה פאַרנאַכט,
און דאָ שטייען שולן, ווי תפיסות פאַרמאַכט,
אויף זייערע טויערן
די שלעסער ווי קייטן אויף הענט.

*

ערב יום־כיפור, שוין מערבדיק נאַכט,
די יידישע געסלעך פון שונא באַוואַכט,
ווי קינדער פאַרשעמטע
פאַרחידושטע שטייען אַצינד,
— געוווינט איצט פון שולן צו הערן געזאַנג —
דערהערן פון זעלנערישע שטיוול דעם גאַנג,
דאָס קנאַל פון ביקסן,
דאָס סקאָמלען פון היימלאָזע הינט.

*

ערב יום־כיפור — ווי לאַנג נאָך, ווי לאַנג? —
אין יידישע גאַסן אַ טומל, אַ דראַנג
פון אַלע זייטן ראָגן,
דער עולם צום דאַוונען שפּאַנט,
די בענק און די שטענדערס אין שולן באַזעצט —
היינט שטייען זיי ליידיק, פאַרשעמט און פאַרלעצט
זינט הונדערטער יאָרן
דאָס ערשטע מאָל היינט אַזאַ שאַנד.

*

ערב יום־כיפור! אַ מנין די צאָל
פאַרשפּאַרט אין אַ שטוב ווי אין שפּאַניע אַמאָל,
געהילט אין טליתים —
אין דרויסן שטייט איינער און היט,
ביים שיין פון אַ יאָרצייט, וואָס ברענט אויף דער שאַנק,
דערהערט זיך אַ קול, אַזאַ טרויעריק געזאַנג,
דערהערט זיך דאָס ליד,
דאָס אַלטע מאָראַלישע ליד,
אוי, אוי־אוי, אוי־אוי, ווײ! אוי, ווײ
כל־נדרי!

קראָקע, 25 נאָוועמבער 1939

## שיפּרעלעס פּאָרטרעט

**אויף** דער וואַנט לינקס פון מיין בעט
העגגט מיין טאָכטער שיפּרעלעס פּאָרטרעט.

אָפּט מאָל אין דער מיט דער נאַכט,
ווען איך בענק נאָך איר און טראַכט,
זע איך, ווי זי קוקט אויף מיר,
הער איך, ווי זי רעדט...
טאַטעשי! כ׳ווייס, ס׳איז דיר באַנג,
ס׳וועט דער קריג שוין נישט געדויערן לאַנג,
קומען וועל איך באַלד צו דיר,
ס׳קלאַפּט דער פרילינג שוין אין טיר,
שמייכלט ליב צו מיר און רעדט
שיפרעלעס פּאָרטרעט...

קראָקע, 2 דעצעמבער 1939

## ס׳טוט וויי...

ס׳טוט וויי!
ס׳טוט שרעקלעך וויי!
נישט אַזוי דער האַס,
וואָס אין שונא ברענט.
אפילו נישט די קלעפּ
פון ווילדן שונאס הענט,
נישט דער מגן־דוד
אויף דער האַנט.
אַ שאַנד!
אויף דורות לאַנג,
אַ שאַנד!

ווערט דאָס זיין פּאַר זיי.

— — — — —

ס'טוט ווייַ!
ס'טוט שרעקלעך ווייַ!
ווען נישט דער פרעמדער שונא,
נאָר זיי!
פּוילנס זין און טעכטער,
וועמענס לאַנד אַמאָל
ווערט שעמען זיך מיט זיי,
לאַכן, קייכן פון געלעכטער,
זעענדיק אין גאַס,
ווי אונדזער ביידנס שונא
טרייבט מיט יידן שפּאַס,
שלאָגט און פּייניקט אַלטע לייט,
פּלינדערט אומגעשטערט,
שניידט אַזוי ווי ברויט מען שניידט
יידן אָפּ די בערד...
און זיי!
וואָס זיינען איצט ווי מיר
געבליבן אָן אַ לאַנד,
וואָס פילן איצט ווי מיר
דעם ווילדן שונאס האַנט,
לאַכן, פרייען זיך און לאַכן
אין אַזאַ מאָמענט,
ווען פּוילנס שטאָלץ און כבוד
ווערט אַזוי געשענדט,

ווען פוילנס ווייסער אָדלער
וואַלגערט זיך אויף דער ערד,
צווישן בערד,
שוואַרצע, גרויע האָר
פון יידנס בערד —
איז דאָס נישט קיין שאַנד
אַן אייביקער פאַר זיי?
איז דאָס נישט אַליין
אין פנים זיך אַ שפּיי?
ס'טוט וויי!
שרעקלעך טוט עס וויי!!!

קראָקע, פעברואַר 1940.

## מינוטן פון בטחון

יידן! זאָל זיין פריילעך!
שוין נישט לאַנג, איך האָף
ס'עקט באַלד די מלחמה,
עס קומט באַלד זייער סוף.
פריילעך! נאָר נישט זאָרגן
און נישט אַרומגיין טריב,
האָט געדולד, בטחון —
און נעמט אַלץ אָן פאַר ליב...
נאָר געדולד, בטחון,
נישט לאָזט אַרויס פון האַנט
אונדזער אַלט כלי זין,

וואָס האַלט אונדז גאָר באַנאַנד.
הוליעט, טאַנצט תלינים!
שוין נישט לאַנג, איך האָף, —
געווען אַמאָל אַ המן
עס וואַרט אויף אים זיין סוף.
הוליעט! טאַנצט תלינים,
ליידן קען אַ ייד,
ס׳וועט די שווערסטע אַרבעט
אונדז קיין מאָל מאַכן מיד.
קערן? זאָל זיין קערן
כל זמן איר וועט זיין,
איז אומזיסט דאָס קערן,
ס׳וועט דאָ נישט ווערן ריין...
וואַשן? זאָל זיין וואַשן!
קינס רויטער פלעק
הבלס בלוט פון האַרצן
דאָס וואַשט זיך נישט אַוועק...
טרייבט אונדז פון די דירות!
שניידט אָפּ די בערד!
יידן! זאָל זיין פריילעך!...
מיר האָבן זיי אין דרערד...

קראָקע, 2 אָקטאָבער 1940

# בלייב געזונט מיר, קראָקע!

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
בלייב זשע מיר געזונט.
ס׳וואַרט די פור געשפּאַנט שוין פאַר מיין הויז,
ס׳טרייבט דער ווילדער שונא,
ווי מ׳טרייבט אַ הונט,
מיט אכזריות מיך פון דיר אַרויס.

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
איך זע זיך אפשר היינט
ס׳לעצט מאָל מיט אַלץ וואָס ליב איז מיר,
אויף מיין מאַמעס קבר
ס׳האַרץ זיך אויסגעוויינט,
שווער געווען דאָס שיידן זיך מיט איר.

אויסגעוויינט די אויגן
ביז דער לעצטער טרער,
באַנעצט מיט זיי דעם טאַטנס קאַלטן שטיין...
כ׳האָב דעם זיידנס קבר
נישט געפונען מער,
עס מוז שוין זאַמד פון זיין מצבה זיין...

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
הייליק איז דיין ערד,
טאַטע־מאַמע רוען דאָך אין איר.

לעבן זיי צו ־ליגן
איז מיר נישט באַשערט,
ס׳וואַרט אַ קבר ערגעץ ווייט אויף מיר . . .

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
בלייב זשע מיר געזונט,
ס׳וואַרט די פור געשפּאַנט שוין פאַר מיין הויז,
ס׳טרייבט דער ווילדער שונא,
ווי מען טרייבט אַ הונט,
מיט אכזריות פון דיר אַרויס...

קראָקע, 24 אָקטאָבער 1940.

## איך האָב שוין לאַנג . . .

איך האָב שוין לאַנג, שוין זייער לאַנג,
נישט געהערט קיין פידל־קלאַנג,
נישט געזונגען, ווי איך פלעג אָפט,
קענטיק, אַז מיין מוזע שלאָפט.

כ׳האָב דערפאַר זיך אָנגעהערט
דאָס געזאַנג פון ביקס און שווערד,
פון באָמבאָוועס דאָס געברום,
זום־זום־זום, בום־בום־בום.

כ׳האָב געהערט און איך הער נאָך הײַנט
ווי אַלץ יאָמערט, קלאָגט און וויינט,

צי פון הונגער, נויט און פּיין —
איין יללה, איין געוויין...

ס׳וויינט אַ מאַמע, וויינט זי בלינד,
נאָך אַ זון, איר איינציק קינד,
טראָגט אַרום ביי זיך אין טאַש,
פון זיין גוף אַ ביסל אַש.

ס׳וויינט אַ פרוי אַ יונגע פרוי,
פון פיל צרות אַלט און גרוי,
צוגענומען איז דער מאַן —
און קיין שפּור פון אים פאַראַן.

ס׳וויינען פעלדער, ס׳וויינט דער וואַלד,
נאָך יעטוועדן מענטש, וואָס פאַלט,
איין געוויין אוי גאָר דער וועלט,
נאָר דער טייוול לאַכט און קוועלט.

איך האָב שוין לאַנג, שוין זייער לאַנג
נישט געהערט קיין פידל־קלאַנג,
נישט געזונגען, ווי איך פלעג אַפט,
קענטיק, אז מיין מוזע שלאָפט.

שלאָף מיין ליבע! רו זיך אויס,
ווי דאָס קינד אין מאַמעס שויס,
וואָס נישט פילט און וואָס נישט הערט,
דאָס געזאַנג פון ביקס און שווערד.

װען ס'װעט ענדלעך װערן שטום
פֿון באָמבאָװוצעס דאָס געברום,
פֿון געפּלאָגטע — דאָס געװײן,
פֿרידן אױף דער װעלט װעט זײַן.

דאַן דערװאַכט! און מיט גרױס פֿרײד,
װי דער פֿױגל פֿרילינגס־צײַט,
װען דאָס ערשטע בלימל בליט —
זינג מײַן ליד! מײַן פֿרילינגס־ליד!

לאַגיעװניקי, יאַנואַר 1941.

## געהאַט האָב איך אַ היים...

געהאַט האָב איך אַ היים, אַ װאַרעם שטיקל רוים,
אַ ביסל װירטשאַפֿט, װי בײַ אָרעמע לײַט,
צונױפֿגעבונדן פֿעסט װי װאָרצלען צו אַ בױם
האָב איך זיך מיט מײַן ביסל אָרעמקײט.

געהאַט האָב איך אַ היים, אַ שטיבל און אַ קיך —
און שטיל געלעבט אַזױ זיך יאָרן לאַנג,
געהאַט פֿיל גוטע פֿרײַנד, חברים אַרום זיך,
אַ שטיבל פֿול מיט לידער און געזאַנג.

געקומען זײַנען זײ מיט שנאה, האַס און טױט,
מײַן אָרעם שטיקל הײם װאָס איך פֿאַרמאָג,

וואָס איך מיט שווערע מי האָבן יאָרן לאַנג געבויט,
פאַרניכטעט האָבן זיי דאָס אין איין טאָג.

געקומען זיינען זיי, ווי קומען וואָלט אַ פּעסט,
אַרויסגעיאָגט פון שטאָט מיט ווייב און קינד,
געבליבן אָן אַ היים, ווי פייגל אָן אַ נעסט
נישט ווויסנדיק פאַר וואָס, פאַר וועלכע זינד?

געהאַט האָב איך אַ היים, איצט האָב איך זי נישט מער,
אַ שפּיל געוועזן פאַר זיי מיין אונטערגאַנג —
איך זוך איצט אַ נייע היים, נאָר שווער — אוי זייער שווער
און כ'ווייס נישט וואו — און כ'ווייס נישט אויף ווי לאַנג.

לאַגיעווניקי, מאַי 1941

## אַ זוניקער שטראַל

אַ זוניקער שטראַל איז אַרויף אויף מיין בעט,
פון ליבינקען פרילינג דער ערשטער שטאַפּעט,
און צערטלעך גענומען מיך וועקן,
שטיי אויף, מענטש, עס טאָגט שוין, דער האָן האָט געקרייט!
דער פרילינג, דער מלך פון ליבע און פרייד,
ער קומט אָן פון אַלע פיר עקן...

שטיי אויף — מענטש! עס טאָגט שוין —
דער שטראַל צו מיר רעדט —

און וואַרעם — מיט ליבע מיך צערטלט און גלעט,
אַרויס גיין, פאַרשפּרייט די ידיעה,
סוועט באַלד און גיך קומען אויף וואַלד און פעלד,
אויף אַלע מין פייגל, אויף מענטש און אויף וועלט,
די לאַנג שוין דערוואַרטע ישועה.

שטיי אויף — מענטש, עס טאָגט שוין,
דער שטראַל צו מיר רעדט,
און וואַרעם — מיט ליבע מיך צערטלט און גלעט,
דער פרילינג, דער אָנזאָג פון פרידן,
באַלד וועט פון זיין בליק זיך צעבליען דאָס פעלד
און ליכטיק און פריי וועט באַלד ווערן די וועלט —
פאַר אַלע! און אויך פאַר אייך, יידן!

לאַגיעווניקי, מאַי 1941

## מיין חלום...

כ׳האָב געהאַט אַ זיסן חלום,
כ׳פיל נאָך איצט, ווי ס׳האַרץ מיר קוועלט,
ס׳איז שוין פרידן! ס׳איז שוין שלום!
שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

אַ געזאַנג אין אַלע גאַסן,
ס׳טאַנצן קינדער, אַלטע לייט,
און אין רייען ציען מאַסן —
און זיי זינגען פול מיט פרייד.

ס'איז שוין שלום, ס'איז שוין פרידן,
נעכטן שונאים, היינט שוין פריינד,
מער פון אַלע זינגען יידן,
זייער גרעסטער יום־טוב היינט.

עפּעס ווי משיחס צייטן,
מענטש צו מענטש איז גוט און מילד,
פלוצלונג הער איך קלינגען קייטן —
און איך דערזע אָט אַזאַ בילד.

אין אַ שטייג געשמידט אין אייזן
ליגט אַ נאַקעט מאַנס געשטאַלט
ענלעך צו אַ ווילדן, בייזן,
הונגעריק ווי אַ וואָלף אין וואלד...

מענער, פרויען, קינדער קליינע,
ווער נאָר עס גייט פאַר אונדז פאַרביי,
ווי אויף עפּעס אַ נבלה
גיט אין שטייג אַריין אַ שפּיי.

און מיט לוסט און פאַרגעניגן
אויף זיין פּרצוף שפּייען זיי,
און אַ מחנה בייזע פליגן
ראַיען זיך אין דעם געשפּיי.

שפּייען, שפּייען! הער איך שרייען...
ער האָט אונדזער וועלט פאַרסמט,

אייביק ווי דער נאָמען קין
זאָל זיין נאָמען זיין פאַרסמט...

שפייען, שפייען! הילכט אין גאַסן
ס'ווידערקול פון דעם געשריי —
און פאַרביי אים ציען מאַסן,
יעדער גיט אויף אים אַ שפיי.

איך האָב דאָס בילד געזען אין חלום
נאָר איך האָף אין גיכן גאָר,
אַז מיין שיינער זיסער חלום
וועט בקרוב ווערן וואָר.

לאַגיעווניקי, מאַי 1941.

## גלאָקן קלאַנג

קלינגען די גלאָקן
ג־ל־יי־נ־ג־ל־אַ־נ־ג
ג־ל־יי־נ־ג־ל־אַ־נ־ג
ווי ס'וואָלט ווער זיך פרעגן,
ווי לאַנג נאָך, ווי לאַנג?
ווי לאַנג נאָך, ווי לאַנג?
וועט מענטש זיין אַ חיה,
וועט מענטש זיין אַ שאַנד,
וועט מענטש זיין אַ הפקר

ביים טייוול אין האַנט.
ווי לאַנג נאָך ?
ווי לאַנג זיין ממשלה ?

קלינגען די גלאָקן
ג־ל־י־נ־ג־ל־אַ־נ־ג
ג־ל־י־נ־ג־ל־אַ־נ־ג
ווי ס׳וואָלט ווער געענטפערט,
נישט לאַנג שוין, נישט לאַנג !
נישט לאַנג שוין, נישט לאַנג !
וועט הוליען דער טייוול,
וואָס אים נאָר אַ דאַנק
די וועלט שטייט אין פלאַמען.
גלין—גלאַנג—גלין—גלאַנג
נישט לאַנג שוין !
עס קומט זיין מפלה !

לאַגיעווניקי, אָקטאָבער 1941

## אַ טאָג פון נקמה !

און איך זאָג אייך, ברידער, געדענקט, וואָס איך זאָג !
די איינציקע טרייסט און נחמה.
ס׳וועט קומען, איר הערט ? ס׳וועט קומען אַ טאָג,
וואָס וועט פאַר אונדז נעמען נקמה !

נקמה פאַר אונדזערע ליידן און פּיין,
פאַר בלוט, וואָס די שונאים פאַרגיסן,
נקמה פאַר די, וואָס פון זייער געביין
וועט קיין מאָל קיין מענטש זיך דערוויסן,

נקמה פאַר מעשים אין סדום נישט געהערט,
פאַר מאַמעס, יתומים, אלמנות,
נקמה וועט שרייען אַרויס פון דער ערד,
דאָס בלוט פון מיליאָנען קרבנות.

דער מענטש וועט דערוואַכן, קיין ספק נישט מער,
דערזען דעם גרול פון מלחמה.
ווי אונדזערס אַ נביא אַ הילך טאָן וועט ער:
נקמה! כ׳וועל נעמען נקמה!

ס׳וועט קומען דער טאָג, יאָ, איך האָף און גלויב,
איך זע, ברידער, זיין אָנקום פון ווייטן
און ברענגען וועט ער אונדז ווי נחס אַ טויב
אַ בשורה פון פרידלעכע צייטן.

לאַגיעווניקי, 5 יאַנואַר 1942

*

**זון** זון זאַנג,
טראָגט זיך אַ געזאַנג,
קינדערלעך, זייט פריילעך היינט,
טאַנצט און קוועלט,

פרילינג אויף גאָטס וועלט.
זעט, ווי ליב די זון האָט אויפגעשיינט,
פעלד און וואַלד שוין גרינט און בליט —
און דער פויגל זינגט מיט פרייד זיין ליד,
זון, זון, זאַנג,
טראָגט זיך אַ געזאַנג,
ס׳ערשטע פרילינג ליב־האַרציקע ליד.

קראָקע־געטאָ פרילינג 1942

## אונדזער פרילינג!

פרילינג אויף ביימער, אין פעלד און אין וואַלד,
נאָר דאָ אין געטאָ איז האַרבסטיק און קאַלט.
נאָר דאָ אין געטאָ איז האַרבסטיק און טריב,
ווי ביי אַן אבל אין שטוב.

פרילינג! אין דרויסן שוין פעלדער פאַרזייט
דאָ אַרום אונדז האָט זיך יאוש פאַרשפרייט.
דאָ אַרום אונדז שטייען מויערן באַוואַכט,
ווי פאַר דער תפיסה ביינאַכט.

פרילינג — שוין פרילינג — באַלד קומט אָן דער מאַי.
נאָר אין דער לופט פילט זיך פולווער און בליי.
ס׳אַקערט דער תלין זיין בלוטיקע שווערד,
איין גרויס בית־עולם — די ערד.

קראָקע־געטאָ, מאַי 1942.

# אין געטאָ

גלײַך ווי די טריט אויף אַ זאַמדיקן וועג
פון מחנות פאַרמאַטערטע קנעכט,
ציען אין געטאָ זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט...

ציען די שעהן זיך שווערער ווי בליי,
מינוטן פול אימה און שרעק.
בעט מען, דער טאָג זאָל כאָטש זיין פאַרביי,
די נאַכט זאָל בשלום אַוועק.

שלאָפט מען נישט גאָר, נאָר מען האָרכט און מען וואַכט,
פאַלט עפּעס שרעקלעכעס איין.
אויף וועמען וועט פאַלן דער גורל די נאַכט,
זייערס אַ קרבן צו זיין...

ליגט מען אַזוי און די אימה איז גרויס
הערנדיק סקריפּען אַ טיר,
ציטערט דאָס האַרץ, ווען פון הונגער אַ מויז
גריזשעט אַ שטיקל פּאַפּיר.

שטאַרבט אָפּ איין אבר, ווען ס'טראָגט זיך אַרום
אין הויף מיט פּאַפּירלעך דער ווינט.
געזעגנט מען זיך אָן שום לשון, ווי שטום —
מיט מאַמעס, מיט ווייב און מיט קינד.

און אַזוי ליגט מען, אין אימה און שרעק,
געיאָגט און דערנידעריקט ווי קנעכט —
און אַזוי ציען זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט.

קראָקע־געטאָ, מאַי 1942.

## ס׳איז גוט

ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, ס׳איז גוט,
די יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
דער שונא דער ווילדער,
גייט גרויזאַם און שנעל —
און ווי נאָר ער קומט, ווערט
פון לעבן אַ תל.
און יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
און יידעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
ס׳איז וויל, ס׳איז פיין,
ס׳קען בעסער נישט זיין.

ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, ס׳איז גוט,
די יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
דער שונא גייט פאַרויס,
מיט בלוט און מיט שאַנד —
און שלינגט איין טאָג טעגלעך
אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד,
ס׳איז וויל, ס׳איז פיין,
ס׳איז וויל, ס׳איז פיין,
ס׳איז וויל, ס׳איז פיין,
וואָס מער ער שלינגט איין.

ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, ס׳איז גוט,
די יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
דער שונא פרעסט לענדער

און נעמט אָן אויפהער,
דער מאָגן אַ פולער
פאַרנעמט שוין נישט מער —
און יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
און יידעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
ס׳איז וויל, ס׳איז פיין,
זיין מאָגן נישט ריין.

ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, ס׳איז גוט,
די יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
דער שונא אייראָפּע האָט
האַלב שוין באַזעצט
און האַלט אין איין נעמען,
דער בויך אים שיעור פּלאַצט,
און יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
און יידעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
און יידעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
ס׳קען מער נישט אַריין.

ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, ס׳איז גוט,
די יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
דער שונא פון נעמען
איז מיד שוין און קראַנק,
זיך איבערגעפרעסן
און האָט קיין אויסגאַנג —
און יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,

און יידעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
און יידעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
זיין סוף וועט באַלד זיין.
אָמן . . .

קראָקע־געטאָ, מאַי 1942